מאטילדע סעראא

# דער צייטונגס-שרייבער

ISBN:0-657-12441-9




מאַטילדע סאַראַאָ.

# דער צייטונגס־שרייבער.

ראָמאַן.



פערלאַג

„א. גיטלינ׳ס פאָלקס־ביבליאָטעק",

ווארשא — תרע"ב.

# דאס יונגעל.

פּאָלאָ דזשאָאַנאָ, שלעפֿריג, אונצופֿריעדען. פּויל, איז ארומגעגאנגען הין און צוריק איבער׳ן צימער און זיך אָנגעקלײדט. די צעקנײטשטשע אָווענד-צײַטונגען האָבען זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, אויף די טישען, אויף די שטוהלען, אויף דאָס צושוי־בערטע בעט, אויף דעם קלײנעם אָבגעריבענעם דיוואן. די מאָר־גען־צײַטונגען, נאָך אײַנגעוויקעלט אין די פֿערשידענפֿארביגע באַנדעראָלען, נאָך נישט געעפֿענט, זענען אלע צוזאמען געווען צונויפֿגעלעגט אויפ׳ן אלטען נאַכט־טישעל. וואו עס איז אויך גע־שטאַנען אַ גלאָז מיט איבערגעבליבענעם קאָפֿע. מחנות פֿליעגען האָבען זיך ארומגעדרעהט איבער אַ שטיקעל צוקער, וואָס איז צעגאַנגען אויף אַ טעצעלע. און שטיקענד איז געווען אין דעם דאָזיגען קלײנעם צימער, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט׳ן ריח פֿון פֿרישע דרוק־פֿאַרב.

פּאָלאָ דזשאָאַנאָ האָט זיך בעמיהט נישט אָנצומאַכען קײן גערויש. זײַן קלײן זיהנעלע, דער זיעבעניעהריגער ריקאַרדאָ, איז געשלאָפֿען אין דעם זעלבען צימער אויף אַ שמאָל בעטעל, האַל־טענדיג דאָס דינע הענדטעל אונטערגעלעגט אונטער דאָס בלאַסע אויסגעמאָגערטע פּנים׳על.

וויפֿיעל מידקײַט איז געווען אין דעם שלאַנקען אויסגע־צויגענעם קערפּער פֿונ׳ם יונגעל! ער האָט קוים בעמערקבאר געעטעמט. און קוקענדיג אויפ׳ן יונגעל האָט פּאָלאָ דזשאָאַנאָ זיך בעמיהט צו בעוועגען זיך נאָך פֿאָרזיכטיגער, כּדי איהם נישט אויפֿצוּוועקען.

נעכטען בײַנאַכט זענען זײ פֿון טעאַטער אין אַ רעסטאָראַן געגאַנגען און אַ היים געקומען ערשט צווײ בײַנאַכט. ריקאַרדאָ האָט בײַ׳ם נאַכט-עסען אויסגעטרונקען אַ גלעזעל מאַרסאַלע און האָט זיך אַזוי אויפֿגערעגט, אַז ער האָט דערנאָך ביז פֿיער דעם זײגער נישט געקאָנט אײַנשלאָפֿען. דערפֿאַר איז ער איצט, ווײַזט

אויס, געשלאָפען מיט פערגניגען, און דער פאָטער איז ארומגעגאַנגען אויף די שפיצען פינגער, אפילו נישט געוואָלט אויפוועקען דעם קראַנקען, וואָס איז ערגעץ פערפאַלען געוואָרען, און האָט דעריבער אָנגעטהון אַ אַלטען קראַוואַט, און ווען אַ איינגעקשנ'טע פליעג האָט זיך געזעצט אויף ריקאַרדאָ'ס בלייך פנים'על און איבער זיין צאַרט בעקעל איז אַ ציטער דורכגעלאָפען, — איז פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ זאָגאַר אויפגעציטערט געוואָרען פאַר שרעק, טאָמער כאַפּט זיך דאָס יונגעל אויף, און ער האָט דעריבער אָנגעהויבען צו פעריאָגען די פליעגען. נאָר זיי האָבען נישט אויפגעהערט צו זומען, זיך געזעצט אויף די קאַשטאַנען-לאָקען, אויף די צאַרטע הענד, און דאָס יונגעל האָט פון שלאָף טרויעריג אַ קרעכץ געטהון. דאַן האָט פּאַאָלאָ פאָרזיכטיג פון דער ערד אויפגעהויבען אַ ריעזיגע צייטונג און בעדעקט מיט איהר דעם קינדס פנים'על.

און אונטער דער פּאַנאַנדערגעוויקעלטער צייטונג, איינגעטעמענדיג אין זיך דעם ריח פון דרוקפאַרב, איז זיך דער זיעבעניעהריגער ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ ווייטער רוהיג געשלאָפען.

פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ האָט געפונען אַ שטיקעל ציגאַר, וואָס ער האָט נעכטען אַוועקגעוואָרפען, און האָט עס מיט פערגניגען פעררויכערט און האָט שוין געוואָלט אַוועקגעהן, נאָר אויפ'ן שוועל האָט איהם די דיענסט אָבגעשטעלט.

— גוט מאָרגען, הערר, וואָס זאָל איך צוגרייטען צו מיטאָג?

פּאַאָלאָ איז אַ ווײַלע ווי צעמישט געוואָרען, דאַן האָט ער שנעל אַ מורמעל געטהון:

— מיר וועלען אין דער היים נישט מיטאָגען.

— און וואָס זאָל איך צו פריהשטיק געבען דעם קליינעם?

מאַריאַנאַ האָט אָנגעוויזען אויף ריקאַרדאָ, וואָס איז זיך רוהיג געשלאָפען אונטער דער צייטונג „פּערסעוועראַנצאַ".

פּאַאָלאָ האָט אַ זוך געטהון אין דער קעשענע פון זיין פּאַלטאָ.

— פונפציג סאַנטים וועט גענוג זיין? — האָט ער געפרעגט און זיין שטימע האָט לײַכט אַ ציטער געטהון.

— מען וועט שוין אויסקומען... און פאַר אײַך, הערר?

— ... פאַר מיר איז נישט נויטיג... — און ער האָט

שנעל צוגעגעבען: — איך בין איינגעלאַדען צו פֿריהשטיק ... ארום צוויי זאָלסטו מיר ריקאַרדאָ'ן ברענגען צו פֿיהרען אין די רעדאַקציע.

און ער איז אַרויסגעגאַנגען, צעהלענדיג און איבערצעהלענדיג די צוואַנציג סאַנטים, וואָס זענען איהם נאָך אין קעשענע געבליבען, — פּונקט אויף צו קויפֿען צוויי ציגאַרען „ווירדזשיניא".

די דיענסט האָט צוגענומען די שמוציגע גלאָז און איז אַרויסגעגאַנגען און הינטער זיך פֿאָרזיכטיג די טהיר פֿערמאַכט.

ריקאַרדאָ האָט זיך אויפֿגעחאַפּט האַלב צוועלף. ער האָט זיך כלל נישט געוואונדערט, וואָס ער איז איינער אַליין, און זיך גענומען אָנטהון, אונטערזינגענדיג אַ ליעדעל, ווי אַ גרויסער מענש. אונטער זיינע פֿיס האָבען זיך געוואַלגערט פֿאַנאַנדערגעוואָרפֿענע צייטונגען און ער האָט אויף זיי געטרעטען אָדער אַוועקגעשליידערט מיט אַ אונצופֿריעדענער גרימאַסע. ער האָט זיך אָנגעקליידט אַקוראַט, פּינקטליך, ווי אַ גאַנץ פֿערשטענדיגער מענש. בשעת מעשה האָט ער עפּעס געטראַכט, דערנאָך האָט ער זיך פֿערקעמט, געשיקט צוגעשפּיעלעט אויף אַלע קנעפּלעך דעם נייענקען שענעם אַנצוג מיט אַ שפּיצען-קאָלנער און מיט אַ זיידענעם קראַוואַט. דאָס אַנצוגעל איז געווען אַ יום-טוב'דיג'ס, נאָר אַזוי ווי ער האָט עס שטענדיג געטראָגען, האָט זיך עס שנעל אָנגעהויבען אָבצוטראָגען.

— מאַריע, מאַריע! — האָט ריקאַרדאָ אונגעדולדיג אויסגעשריען, ווען ער איז שוין געווען פֿאָלשטענדיג גרייט. — איך וויל פֿריהשטיקען ...

— וואָס זשע זאָל איך, אייך מאַכען צו'ם פֿריהשטיק? — די דיענסט האָט אָבגעווישט די הענד, וואָס זענען געווען איינגעריבּט מיט פּאָמידאָרען, זי האָט נאָר וואָס געאַרבייט פֿאַר דער הויז-ווירטין.

— עפּעס געשמאַקעס, עפּעס אַזוינס גאַנץ געשמאַקעס, — האָט דאָס יונגעל ערנסט געענטפֿערט, קוקענדיג אויף איהר מיט זיינע פֿערטראַכטע בלויע אויגען.

— זאָגט, וואָס ווילט איהר ... אפשר אַ אייער-קוכען פֿון צוויי אייער, וועל איך זעהר געשמאַק אויספּרעגלען?

— נײן, נײן, עפּעס געשמאַקעס.

— סאַלאַט פון פיש מיט קאַרטאָפעל, אַ?

— נײן... — האָט ריקאַרדאָ געזאָגט געצויגען מיט אַ אונ־צופריעדענער מינע.

— נו, איז מאַקאַראָנען מיט פּאָמידאָרען?

— נײן, נײן, נײן! — ער האָט כמעט אַ טופּ געטהון מיט׳ן פוס.

— נו, טאָ זאָגט אַלײן וואָס, איך ווײס שוין נישט, וואָס אויסצוקלערען.

— דו ווילסט מיר אָבבראָטען אַ הוהן, אַ גאַנצע הוהן, דו פערשטעהסט! — האָט דאָס יונגעל בעשלאָסען.

— דאָס קאָן איך בשום אופן נישט.

— איך וויל צו פריהשטיק אַ הוהן! — האָט דאָס יונגעל שטרענג און שטאָלץ ווידערהאָלט.

— גאָט אין הימעל! ווי אַזוי קאָן איך אײך אַ הוהן קויפען?

— מאַריע, גוטע, שענע מאַריע... — האָט דער קלײנער פערפיהרער צערטליך געבעטען, — אויב דו האָסט מיך ליעב, קויף מיר אַ הוהן.

— זײ אַ גוטינקער, מאַך נישט קײן העוויות, וואָס זאָל איך טהון... חאָטש נעהם און צעווײן זיך! דער פאָטער האָט דאָך מיר אויף פריהשטיק געגעבען נאָר פונפציג סאַנטים.

— נאָר פונפציג סאַנטים? — האָט דאָס יונגעל ווידער־האָלט, זיך מיט אַ מאָל בערוהיגט און גלײך בעשלאָסען: — נו, טאָ קויף מיר הוהן פאַר פונפציג סאַנטים.

ער האָט געגעסען זײן הוהן־פליגעל אין קיך, אַקוראַט, קאָרעקט, ווי אַ קלײנער פּרינץ, און בשעת מעשה האָט ער מיט גרויס ווירדע געקוקט אויף די הויז־ווירטין, וואָס איז געווען בעשעפטיגט מיט צובערײטונגען צו׳ם מיטאָג, און אויף די צווײ צײטיגע פלוימען, וואָס מאַריאַנע׳ן איז געלונגען צו קויפען פאַר איהם נאָך אויסער דער הוהן.

— דאָן פּאַאָלאָ האָט דיר גאָרנישט איבערגעגעבען פאַר מיר? — האָט די ווירטין געפרעגט די דיענסט.

— נײַן, מאַראַם.

— און דו האָסט איהם געזאָגט.

— ענטשולדיגט, איך האָב פֿערגעסען.

די װירטין איז שוין גרײט געװעזען זיך צו צעבײזערן און צע־שרײַען, נאָר מאַריאַנע האָט איהר מיט אַ בעטענדער בעװעגונג אָנגעװיזען אויף ריקאַרדאָ'ן. װי אַן'אמת'ער אַריסטאָקראַט האָט ער זײַנע פּלומען אין װאַסער געװאַשען, איידער ער האָט זײ אויפֿ־געגעסען.

די װירטין האָט אַ מאַך געטהון מיט די אַקסלען און פֿער־שװיגען.

פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ האָט קײנמאָל קײן דירה־געלד פֿאַר זײַן צימער נישט געצאָהלט פּינקטליך, און פֿונ'ם ערשטען פּלעגט ער שטענדיג אָבציהען ביז'ן פֿונפֿצעהנטען, מאַריאַנע, װעלכע האָט געװאוסט, אַז ער האָט קײן געלד נישט, האָט מורא געהאַט איהם צו דערעסען מיט ביטעס װעגען דירה־געלד און ס'איז איהר אַ רחמנות געװעזען אויף דעם יונגעל, — זי האָט שוין אַזוי פֿיעל מאָל געזעהן, װי ער האָט די אויגען אַראָבגעלאָזט און די ליפּען צו־זאַמענגעפּרעסט, װען זי פֿלעגט צו זײַן פֿאָטער קומען געלד בע־טען, און אַ מאָל פֿלעגט דאָס יונגעל אויפֿ'ן פֿאָטער קוקען מיט אַזאַ איבערגעשראָקענעם, טרויעריגען בליק, אַז מאַריאַנע פֿלעגט זיך אָבדרעהען, כּדי נישט צו זעהן די דאָזיגע שטומע סצענע, און אַפילו די װירטין פלעגט עס נישט אויסהאַלטען, — דאָס פֿער־יתומ'טע יונגעל, װאָס איז שטענדיג געװען אײַנגעהאַלטען, בע־שײַדען און פֿערשטענדיג, האָט געקאָנט יעדען מענשען ריהרען.

יענעם טאָג האָט איהם מאַריאַנע אָבגעפֿיהרט צו'ם פֿאָטער אין רעדאַקציע צװײ דעם זײגער, װי ס'איז אָבגערעדט געװען.

— אָ, מײַן ליעבער, ליעבער פּאַפּאַ! — און דאָס קינד האָט אַרומגענומען דעם פֿאָטער פֿאַר'ן האַלז מיט בײדע הענד און זיך צוגעדריקט צו איהם מיט'ן געזיכט.

פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ האָט שװײַגענדיג געקושט זײַנע אויגען, לאָקען, ער איז געװען אויסגעמאַטערט, כּמעט טעמפּ פֿון מיעד־קײט, די פֿינגער זענען געװען אײַנגעשמוציגט אין טינט.

— דו האָסט געפּריִהשטיקט, קינד?

— יאָ. מאַריאַנע האָט מיר געקויפט אַ הוהן.

— געשמאַק געווען?

— יאָ, פּאַפּאַ. און וואו האָסטו געפּריִהשטיקט?

— אין קאַפע.

— מיט גוטע פריינד, יאָ?

— יאָ. און דיר איז אין דער היים געווען לאַנגווײַליג?

— אַ ביסעל... נאָר דאָס מאַכט נישט אוים.

דאָס יונגעל פון דרוקערײַ האָט אַרײַנגעבראַכט קאָרעקטו־רען, און דער זשורנאַליסט האָט זיך ווידער איבערגעבויגען אי־בער דער אַרבײַט, און ריקאַרדאָ איז שטיל אַרומגעגאַנגען אי־בער'ן צימער, בעטראַכטענדיג אויפמערקזאַם אַלץ אַרום און זו־כענדיג עפּעס נײַעס צווישען די אַלטע בעקאַנטע געגענשטאַנדען. די זעלבע אונגעהויער גרויסע, שווערע טינטערס, די זעלבע בערג פון געל געוואָרענעם פּאַפּיער, אַלטע צײַטונגען, שאַפען מיט ביכער אויסגעשטעלט אין אונאָרדנונג, אויף דער וואַנד די געאָ־גראַפישע קאַרטע און דער אַלטער רײַזע־פּלאַן פון די באַהנצוגען. און אויף דעם אַלעם אַ דינער, דינער שטויב, וואָס פרעסט אויף די פאַרב, הילט אײַן מיט אַ דונקעלען וואָלקען אַלע געגענשטאַנ־דען. אין די ערווײַטערטע ווינקעלעך איז דער דאָזיגער שטויב געלעגען גאַנצע בערגלעך־ווײַז און האָט אָנגעזעטיגט די לופט צו־זאַמען מיט דעם ריח פון דרוק־פאַרב; עס איז זאָגאַר שווער געווען צו עטעמען.

ריקאַרדאָ האָט מיט מיה קוים־קוים אַראָבגעשלעפּט פון פּאָליצע אַ אילוסטרירטען זשורנאַל און האָט זיך פערהוסט פון שטויב. פּאַאָלאָ האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבען.

— וועגען וואָס שרײַבסטו? — האָט איהם דאָס יונגעל גע־פרעגט.

— איך שרײַב וועגען דעם, אַז אונזער פּראָפעקט איז — אַ אײַזעל...

— דאָס וועט איהם נישט שטאַרק שמעקען.

— געוויס.

— זאָל ער וויסען, אַז ער איז אַ איזעל, — האָט דאָס יונגעל מיט ווירדע בעמערקט און האָט ווידער שווייגענדיג אָנגע־הויבען מישען דעם זשורנאַל. ער איז געוואָהנט געווען. אַז דאָ טאָר מען נישט שמועסען און פרעגען, נאָר מען מוז שווייגען און שטונדענלאַנג זיצען אונבעוועגליך, בעטראַכטען אַלץ די זעל־בע שטויביגע זשורנאַלען; ער איז אפילו אויפ׳ן באַלקאָן נישט אַרויסגעגאַנגען, ווי ער וואָלט איהם גאָרנישט בעמערקט, דער־פאַר אָבער האָט ער נייגעריג בעטראַכט יעדען, וואָס איז אין די רעדאַקציע אַריינגעקומען. געגען טיש איז געווען אַ טהיר, וואָס האָט געפיהרט אין קאַבינעט פונ׳ם אַרויסגעבער פון דער צייטונג „טעמפאָ", און דער דאָזיגער געהיימניספולער צימער האָט זיך דעם יונגעל אויסגעוויזען ווי עפּעס אַ קדשי־קדשים. אַהין האָט מען נישט געטאָרט אַריינגעהן, אויב מען האָט פריהער נישט אָנגעקלאַפּט און אַ ערלויבניש געבעטען; דאָרט איז מען לאַנג געזעסען און גערעדט, ווייזט אוים עפּעס זעהר וויכטיגעס, שטיל שטיל, קיין שטימע האָט זיך פון דאָרט נישט געהערט. דער אַרויסגעבער, — אַ קליינוויקסיגער מענש מיט אַ בייכעל, מיט אַ גלאַטען קאָפּ, אין ברילען, — פלעגט קיינמאָל קיינעם נישט בעגלייטען. אַ מאָל פלעגט אויך דזשאָאַנאַ פערשוואונדען ווערען הינטער די טהירען פון קדשי קדשים, און דאַן פלעגט רי־קאַרדאָ קיין אויג פון די טהירען נישט אַראָבנעהמען און האָט אונ־רוהיג געוואַרט אויף זיין פאָטערס צוריקקומען. דער אַרויסגעבער פלעגט אַוועקגעהן אַרום פינף, נישט בעגריסענדיג קיינעם און נישט קוקענדיג אויף קיינעם. ער האָט קיין איין מאָל זיך נישט צערעדט מיט ריקאַרדאָ׳ן, אַזוי ווי ער וואָלט איהם גאָר נישט געזעהן, און דער קליינער פּרינץ ריקאַרדאָ איז געווען פול אַכטונג און שרעק צו דעם דאָזיגען דיקען מענשען אין ברילען מיט קורץ געשוירענע האַרטע וואָנסעם.

אַ מאָל פלעגען זיך אין קדשי קדשים הערען הויכע געשרייען; דאַן פלעגט פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ אָבשיקען דעם זוהן אין קאָרידאָר אָדער אין קיך, און ריקאַרדאָ פלעגט ענטציקט אַנטלויפען.

יענעם טאָג האָט דאָס יונגעל לאַנג געמוזט אונבעוועגליך

אויף איין אָרט זיצען און האָט ענדליך אַליין געבעטען אַ ערלויב ניש אַרויסצוגעהן.

— לויף נאָר נישט אַרום צופיעל, זאָלסט נישט פערשוויצען.

— גוט.. און מיטאָגען וועלען מיר היינט אין רעסטאָראַן?

— יאָ...

— און דו וועסט מיר געבען לאַנגוסטען? און לעגומין?...

— יאָ, יאָ... — האָט דער פאָטער געמורמעלט און דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט.

דאָס יונגעל האָט אויפמערקזאַם אַ קוק געטהון אויפ'ן פאָטער מיט אַ פּאָרשענדרען בליק כמעט פון אַ אַלטען מענשען; דאַן האָט ער אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ און ערקלערט:

— אויב דו האָסט נישט קיין געלד, דאַרפסטו זיך נישט נעהמען צו'ם האַרצען, מען וועט זיך בעגעהן...

מיט טרעהרען אין די אויגען האָט זיך פּאַאָלאָ געצוואונגען פרעהליך צו ענטפערן:

— עס וועט זיין געלד, עס וועט זיין. האָב קיין מורא נישט, גערה!

ריקאַרדאָ האָט זעהר ליעב געהאַט צו פּלוידערן און זיך שפּיעלען מיט זיין גוטען פריינד דאָן דאָמעניקאָ אין דער האַלב־פינסטערער קאַנטאָר. דאָס איז געווען אַ קליינער הויקערדיגער אַלטער־מאַן און ער האָט געפיהרט די רעכנונגען און פלעגט די אַבאָנענטען קוויטאַנציעס אַרויסגעבען. דער אַלטער איינגעשרומ־פּענער הויקער און דאָס קינד פלעגען שטענדיג שמועסען כמעט שטילערהייד, ווי צוויי גלייבע קאָלעגען.

— און וואו איז אייער פרוי, דאָן דאָמעניקאָ?

— זי איז געשטאָרבען.

— אַ!

פּויזע. דער הויקער האָט נישט אויפגעהערט עפּעס ווייטער שרייבען אין זיינע ביכער.

— און וואָס האָט איהר געטהון בשעת זי איז געשטאָרבען?

— וואָס האָב איך געקאָנט טהון? גאָרנישט.

— דער פּאַפּאַ האָט שטאַרק געוויינט בשעת די מאַמאַ איז

געשטאָרבען אין מאַילאַנד! — האָט דאָס יונגעל געזאָגט פער־טראַכטערהייד, אזוי ווי רעדענדיג אין חלום.

— אייער מאַמאַ איז געווען א שענע?

— זעהר, זעהר א שענע, — האָט דאָס יונגעל געענט־פערט אלץ מיט דעם זעלבען מאָדנעם, פערטראַכטען טאָן.

נאָר יענעם טאָג איז דאָן דאָמעניקאָ נישט געווען אויפגע־לעגט און האָט נישט געוואָלט שמועסען מיט ריקאַרדאָ'ן; דאָס יונגעל איז אין כעס געוואָרען און אַנטלאָפען צו זיין צווייטען פריינד פראַנטשעסקאָ, וואָס איז געזעסען אין שכנות.

דער הויכוויקסיגער שענער פראַנטשעסקאָ איז א מאָל געווען א שמיד און האָט פיעל פערדיענט, נאָר א פונק איז איהם אין אויג אריינגעפאַלען און ער איז אויף איהם בלינד געוואָרען. פון דעמאָלט אָן האָט ער געדיענט אין רעדאַקציע, וואו ער האָט פאַר א גאַנץ קליינעם געהאַלט פון פריה ביז אָווענד באַנדראָלען געשניטען אין א פינסטערען קליינינקען צימערל, וואו קיינער איז קיינמאָל נישט אריינגעקומען.

ריקאַרדאָ פלעגט ליעב האָבען מיט איהם א שמועס טהון, א מאָל פלעגט ער ביי איהם די שער נעהמען און אויך געאַרבייט. אָפט, כמעט אלע טאָג, פלעגט ער נייגיעריג פאַנאַנדערפרעגען, ווי אַזוי האָט זיך פראַנטשעסקאָ'ן דאָס אונגליק געטראָפען, ווי ער האָט דאָס אויג פערלאָרען, און ער פלעגט אויפמערקזאַם אויס־הערען איין און די זעלבע ערצעהלונג.

דער בלאַסער, ציטערנדער שמיד פלעגט רעדען מיט א איבערגעהאַקטער שטימע פון אויפרעגונג און פלעגט ענדליך שטיל ווערען.

— דיר האָט זעהר־זעהר וועה געטהון? — האָט דאָס יונגעל יונגעל א מורמעל געטהון נאָך א לאַנגער פויזע.

— שרעקליך!

— אָרעמער פראַנטשעסקאָ!

און געריהרט דורך דער דאָזיגער צערטליכקייט האָט פראַנטש־שעסקאָ פון גרויס התלהבות פאַרגעלעגט:

— איהר ווילט א ביסעל באַנדראָלען שניידען?

— און וויפיעל באנדראלען איז דא אין גאנצען, א מיליאן ?

— דריי טויזענד .

— דאס איז מעהר ווי א מיליאן ?

— וועניגער .

— און לעזען קענסטו ?

— ניין .

— און דו ווייסט נישט, צו וועמען די דאזיגע באנדראלען זענען אדרעסירט ?

— איך ווייס נישט, ס'איז מיר עפעס א נפקא מינא ?

— ריכטיג, וואס איז דיר פאר א נפקא מינא ?—האט דאס יונגעל גלייך מסכים געווען . נאר ער איז שוין מיד געווארען צו שניידען, און ווען דער חראניקער אלעקסאנדרא דאלפין האט איהם א רוף געטהון, איז ער ענטציקט צו איהם צו געלאפען .

דאלפין, א וועגעציאנער, איז געווען א שווינדזיכטיגער לאנגפיסיגער יונגער-מאן מיט רויטע פלעקען אויף די באקען . דעם קליינעם ריקארדא האט ער פשוט פערגעטערט . שרעקליך ארעם, נאר שטענדיג פרעהליך, האט ער געפיהרט די חראניק און געשריבען זיינע בעמערקונגען שטענדיג האסטיג, מיט א עקעל-האפטער שפראך, מיט אהן א שיעור ארטאגראפישע גרייזען, און דעריבער האט פאאלא דושאנא זיי שטענדיג געמוזט אויסבע-סערן ; איבריגענס, דאלפין האט זיך דערמיט גאר נישט בעלעדיגט .

פאר ריקארדא'ן האט ער שטענדיג געהאט אין קעשענע עפעס א שפיעלעכעל, א נאשעריי, און כדי צו פערברענגען מיט'ן יונגעל א פיערטעל שעה לענגער, פלעגט ער ביי דער ארבייט אנשטרענגען זיינע גאנצע קרעפטען, אבי וואס שנעלער פריי צו ווערען .

— איך האב דיר עפעס געבראכט... א נו, טרעף וואס .

— וואס אזוינס, וואס ? — ריקארדא האט זיך פערטשעפעט אן דאלפינס אונגעהויער לאנגע פים .

— א פפירזיך, דו זעהסט ? — ער האט א מאך געטהון מיט איהם אין דער לופט, — נאר דו מוזט איהם אליין נעהמען

פון מיר. — און דאָס יונגעל איז אַרויפגעקראָכען צו איהם אויף דער ברוסט.

— ווילסט זיך צעטיילען מיט מיר? טהו אַ ביס! ריקאַרדאָ האָט איהם דערלאַנגט דעם שוין אָנגעביסענעם פּפירזיך.

— ניין, איך וויל נישט, מיר איז שעדליך.

— דיר איז אַלץ שעדליך, יאָ?

— אַלץ.

— און מיר גאָרנישט!

און אין דער קליינער קאַלטער קיך מיט דעם שטענדיג קאַלטען קוימען האָט דער שווינדזיכטיגער דאָלפין זיך געשפּילט מיט'ן יונגעל און איהם געגלעט, אויסגיעסענדיג אויף איהם די גאַנצע געוואַלדיגע צערטליכקייט, וואָס האָט אָנגעפילט זיין קראַנק, איינזאַם הארץ.

נאָר אָט האָט זיך דאָס שמוציגע פענסטערל פון קיך אויפגעעפענט, עס האָט אַריינגעקוקט אַ גרויס גראָב געזיכט און אַ שאַרפע שטימע האָט אויסגעשריען:

— חראָניקער, אַ זעלבסטמאָרד!

דאָלפין איז צוגעלאָפען צו'ם רעפּאָרטער. ריקאַרדאָ האָט נישט אָבגעטרעטען פון איהם און האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט די נאַכריכט.

— ... זיך אַראָבגעוואָרפען פון בריק און איז וואַהרשיינליך געפאַלען שוין אַ טוידטער.

— און דו האָסט איהם געזעהן? — האָט דאָס יונגעל דעם רעפּאָרטער געפרעגט.

— געוויס. ער האָט אויסגעזעהן שרעקליך!

— די סיבה פון זעלבסטמאָרד? — האָט דאָלפין געפרעגט מיט דער געוועהנליכער צייטונגסשפּראַך.

— צעשטערטע פינאַנסען, — האָט מיט'ן זעלבען סטיל דער רעפּאָרטער געענטפערט און איז אַוועקגעלאָפען.

דאָלפין איז געגאַנגען אין רעדאַקציע אָנשרייבען דעם פּאָרפאַל, ריקאַרדאָ איז איהם נאָכגעלאָפען. פּאַאָלאָ דזשאָאָנאַ האָט נאָך אַלץ וויטער געאַרבייט אויף דעם זעלבען אָרט און ווען זיי

זענען אריינגעקומען האט ער אפילו דעם קאפ נישט אויפגעהויבען.

דאלפין האט מיט איין האנד ארומגענומען דאס יונגעל או אנגעהויבען שרייבען די בעמערקונג.

— זאג מיר, וואס איז דאס אזוינס צעשטערטע פּינאנסען? — האט ריקארדא פערטראכטערהייד א מורמעל געטהון.

— דאס איז ווען מען האט נישט קיין געלד. — האט דאלפין ערקלערט.

— און צוליעב דעם נעהמט מען זיך דאס לעבען?

— יא, שטענדיג.

— איך פערשטעה! — דאס קינד האט א שאקעל נעטהון מיט'ן קאפ...

די בעמערקונג איז געווען געענדיגט, דאלפין האט געבעטען, מען זאל איהם לאזען מיט ריקארדא'ן זיך דורכשפּאצירען.

— דא איז דאך איהם לאנגווייליג, לאז איהם אב...

— דיר איז לאנגווייליג, ריקארדא?

נאר דאס קליין מענשעל האט ערנסט געענטפערט:

— מיר איז קיינמאל נישט לאנגווייליג.

א פיערטעל אויף פינף. שוין באלד צייט מיטאג עסען און פאאלא דזשאאנא האט ארויסגערופען דאלפינ'ען אויפ'ן באלקאן אויף א פאר ווערטער.

ער האט איהם שטילערהייד געזאגט עפּעס שנעל. שנעל, און דאלפין איז בלאס געווארען, זיין גאנץ געזיכט האט זיך פערקרימט פון ליידען: ניין, ער האט אליין קוים דריי לירעס אויף מיטאג. ער קאן זיך מיט איהם טיילען, זאל דזשאאנא נעהמען א העלפט.

— ניין. מען דארף נישט, עס מאכט נישט אויס, — האט זיך פאאלא אבגערופען שעמעוודיג.

— נעהם, נעהם חאטש פאר'ן יונגעל...

— איך וועל שוין אין אנ'אנדער ארט קריגען! — דער זשורנאליסט האט אומעטיג א שמייכעל געטהון.

און זיי זענען ביידע ווידער ארייין אין רעדאקציע נערוועז,

אויסגעמאַטערט, איינער דאַדורך, וואָס ער האָט אומזיסט געבּע־טען, דער צווייטער דאַדורך, וואָס ער איז נישט אימשטאַנד געוועזען צו העלפען. דאָס יונגעל האָט געקוקט אויף זיי מיט בּרייט אָפענע אויגען און זיך בּעמיהט אראָבּצולייענען פון זייערע געזיכטער אַלץ, וואָס צווישען זיי איז פאָרגעקומען. דערנאָך האָט ער זיך, ווייזט אויס, עפּעס געחאַפּט און ער איז געוואָרען אומעטיג, אומעטיג.

— ווילסט זיך נאָך שפּיעלען מיט מיר, קריך אַרויף צו מיר אויף די קניע? — האָט דאַלפּין פאָרגעלעגט אָהן מוט.

— ניין, — האָט דאָס יונגעל שטרענג געענטפערט, — איך וועל זיך שוין מעהר נישט שפּיעלען.

און דאַלפּין איז שנעל אַוועקגעגאַנגען, כּדי נישט צו זעהן דאָס אומעטיגע קינדערשע געזיכט און דאָס פערוואָרגטע געזיכט פון'ם פאָטער.

פּאַאָלאָ האָט עטליכע מאָל געפּרובּט עפּעס נעהמען שרייבּען, נאָר ס'איז נישט געגאַנגען, ער האָט צעריסען אַ בּלעטעל נאָך אַ בּלעטעל, און ענדליך האָט ער שעמעוודיג און אויפגערעגט צוגעצויגען צו זיך דעם זוהן און גלעטענדיג איהם געזאָגט:

— דו האָסט מיך ליעב, יאָ?

— אָ, פּאַפּאַ.

— הייסט עס, דו ווילסט מיר פערגעניגען פערשאַפען?

— אָ, פּאַפּאַ.

— הער אויס... איך בּעט דיך... — ער האָט זיך פערהאַקט און האָט מיט מיה דאָס שפּייעכץ געשלונגען, — געה אַריין אַהין... צו'ם אַרויסגעבּער...

— אָ, פּאַפּאַ!

— טראָג איהם אַריין דאָס דאָזיגע בּריוועל... — האָט דער פאָטער שנעל פערענדיגט.

דאָס יונגעל האָט אויסגעשטרעקט די האַנד, נאָר זיין קליין קעפּעל איז געוועזען נידעריג אויף דער בּרוסט אַראָבּגעלאָזט.

— איז דען אונבּעדינגט נויטיג, איך זאָל אַריינטראָגען? — האָט ער זיך בּעשלאָסען צו פרעגען.

— יאָ, נויטיג.

— איך געה ...

נאָר דער פֿאָטער האָט איהם אָבגעשטעלט.

— הער, ריקאַרדאָ, זאָג דעם אַרויסגעבער אויך פֿון זיך אַליין, אַז דיין פּאַפּאַ בעט זעהר, ער זאָל מיין ביטע ערפֿילען.

— מעהר גאָרנישט?

— גאָרנישט.

— נו געה איך.

דאָס יונגעל האָט אָנגעקלאַפּט אין טהיר און האָט מוטלאָז געבעטען אַ ערלויבניש אַריינצוגעהן. אַ שאַרפֿע שטימע האָט אויסגעשריען „אַריין", און ווען דאָס יונגעל איז פֿערשוואונדען געוואָרען הינטער דער טהיר האָט פּאַאָלאָ אַ ציטער געטהון פֿאַר חרפּה.

— נאַ, פּאַפּאַ, — האָט ריקאַרדאָ געזאָגט שטילערהייד, צוריקקומענדיג, און האָט אַרויסגעלעגט אויפֿ'ן טיש פֿיער זילבערנע מטבעות, יעדע צו פֿינף פֿראַנק.

— אַ דאַנק, מיין טייערער, ביזט אַ וואוילער יונג! — ער האָט זיך איינגעבויגען איהם אַ קוש צו טהון. נאָר דאָס יונגעל האָט זיך שוין מעהר נישט געקאָנט איינהאַלטען, און זיך אַרויפֿוואַרפֿענדיג דעם פֿאָטער אַרום האַלז האָט עס זיך צעוויינט, וויעדערהאָלענדיג טרויעריג:

— אָ, פּאַפּאַ, מיין ליעבער פּאַפּאַ!

— אום גאָטעס ווילען וויין נישט און דערפֿיהר מיך נישט צו פֿערצווייפֿלונג. — אומזיסט האָט דזשאָאַנאַ זיך בעמיהט איהם צו בערוהיגען און איינצושטילען. — אום גאָטעס ווילען, ריקאַרדאָ, מען קאָן דאָך נאָך דערהערען.

דאָס יונגעל האָט געפּרובט זיך איינהאַלטען, נאָר דאָס שלאָכצען האָט איהם געשטיקט. נישט וויסענדיג וואו זיך אַהינצוטהון, האָט איהם דער פֿאָטער אויף די הענד אין קיך אַריינגעטראָגען און הינטער זיך די טהיר פֿערשלאָסען.

— וואָס איז דיר? וואָס איז דיר? — האָט ער וויעדערהאָלט.

פּאַפּאַ... שיק מיך נישט מעהר... אַהין... צו'ם אַרויסגעבער... ס'איז מיר אַ חרפּה, ס'איז מיר שרעקליך ביי איהם...

האָב נישט מורא, איך וועל דיך שוין מעהר נישט שיקען, וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

— ער האָט איבערגעלײַענט דאָס בריוועל און געזאָגט, „אײַביגע באָבע־מעשׂות". דערנאָך האָט ער דײַן בריוועל אַרײַנגעלעגט אין אַ שוואַרצען בוך און געעפענט דעם שופלאָד .. אָ, ווי פיעל געלד דאָרט איז געווען! און דערנאָך האָט ער מיר געגעבען די דאָזיגע פיער מטבעות ..

ריקאַרדאָ האָט זיך וויעדער צעוויינט.

— וואָס וויינסטו וויעדער?

— ס'איז מיר געווען אַזאַ חרפה. פאַפאַ.

אַ שווערעס שווײַגען האָט געהערשט. דעם קינדס געזיכט האָט אויסגעזעהן עפּעס אַלט, אויסגעמאַטערט, אַנגעריטען.

— דו ביזט גערעכט, — האָט פּאַאָלאָ אַ מורמעל געטהון, איך האָב דיך נישט געדאַרפט שיקען, איך האָב אַליין געקאָנט געהן, איך האָב געטהון אַ מיאוסע זאַך.

— ניין, ניין, רעד נישט אַזוי, זײַ נישט אין כּעס, מײַן ליעבער פאַפאַ, אַ צווייטעס מאָל וועל איך שוין נישט וויינען, שיק מיך שטענדיג ...

— לאָ'מיר האָפען, אַז דאָס וועט שוין מעהר נישט נויטיג זײַן, — האָט דער פאָטער פּײַערליך אויסגערופען.

— לאָמיר האָפען, — האָט דאָס יונגעל שטיל וויעדערהאָלט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָבען זיי זיך שוין בײדע בערוהיגט און זענען פון קיך אַרויסגעגאַנגען.

— איצט וועסטו קאָנען אין אַ קאַפע אַרײַנגעהן און ווערמוט טרינקען, — האָט דער פאָטער פאָרגעלעגט.

ריקאַרדאָ האָט אַ פּאַטש געטהון אין די הענד. — יאָ, אָבער נאָר מיט זאָדע־וואַסער, איך געה ...

— — — — — — — — — — — —

ריקאַרדאָ האָט זיך פערוקט אין אַ פינסטערען ווינקעל פון דער דרוקערײַ און האָט פון דער מאַשין קיין אויג נישט אַראָב־געלאָזט. אויף דעם דאָזיגען אָרט האָט ער שטענדיג געהאַט פאַר די אויגען די דאָזיגע ריעזיגע אונגעהויערע שוואַרצע חיה מיט די

זיך דרעהענדע רעדער, מיט די אומלויפענדע ריעמענס, מיט דעם גלאַנציגען ציליגדער, וואָס האָט די בלעטער איינגעלעגט.
די מאַשין האָט איהם ערשטוינט. ער האָט געקוקט אויף איהר ווי א פערצוייפעלטער. ווען זי האָט נישט געאַרבייט, פלעגט ער אַבי־סעל מיט מורא צוגעהן צו איהר און מיט'ן עק פינגער זיך צו־ריהרען צו'ם ראָד, דערנאָך פלעגט ער גלייך דערשראָקען אָפּ־שפּרינגען און ווידער צוגעהן, בעטראַכטען זי פון אַלע זייטען מיט א אונרוהיגער נייגיעריגקייט. נאָר ווען די רעדער האָבען זיך אָנגעהויבען דרעהען און עס האָט זיך דערהערט דער בעקאַנטער מאָנאָטאָנער גערויש, פלעגט ריקאַרדאָ שוין נישט וואגען צו־צוגעהן, נאָר מיט שרעק זיך פערדרוקען אין דעם סאַמע ווייטסטען ווינקעל און מיט דער ריעזיגסטער אכטונג קיין אויג נישט אַראָב־געלאָזט פון דעם שטאָהלענעם ריעז.

נאָר ווי האָט ער אין אַזעלכע מינוטען מקנא געווען די יונגלעך פון דרוקעריי!

זיי האָבען זיך גאַנץ רוהיג און מיט פאָלשטענדיגער זיכער־הייט איבערגעבויגען איבער די רעדער, געלעגט פּאַפּיער, אויפגעקליבען די בלעטער. זיי איז, ווייזט אויס, גאָר נישט שרעק־ליך געווען. זיי האָבען זיך געהאַלטען אַזוי ווי זיגער.

די מאַשין איז פאַר ריקאַרדאָ'ן געווען עפּעס א אונגעוועהנליך גרויסעס און אונבעגרייפליכעס. ווען ער פלעגט קוקען, ווי זי שלינגט אַריין אין זיך ווייסע, פאָלשטענדיג ריינע בלעטער און וואַרפט זיי גלייך אַרויס מיט אָבגעדרוקטע אַרטיקלען, בעמער־קונגען, טעלעגראַמען, — פלעגט זיך איהם דוכטען, אז די מאַשין פערפאַסט די צייטונג. דאַן האָט ער פערגעסען די שווערע אַרבייט פון זיין פאָטער, פון דאָלפינ'ען, פון די איבעריגע מיטאַרבייטער, ער האָט פערגעסען אפילו די טעגליכע געדולדיגע אַרבייט פון די זעצער, וואָס לעגען איין א אות נאָך א אות. פאַר ריקאַרדאָ'ן איז די מאַשין געווען א לעבענדיג וועזען: זי האָט געדענקט, פערשטאַנען, געשריבען, אויסגעבעסערט, צונויפגעשטעלט, מיט איין וואָרט, זי האָט געקאָנט טהון לחלו־טין אַלץ. די דאָזיגע מעכטיגע געהיימניספולע חיה האָט יעדען

טאָג אַ צײַטונג בעשאַפֿען און זי אַרױסגעװאָרפֿען פֿון איהר שװוּ־ר־
צען בױך שטענדיג מיט דער זעלבער גלײַכער און בעשטימטער
בעװעגונג. און דער ערשטױנטער ריקאַרדאָ האָט אַכטונג געגע־
בען אױף די דאָזיגע בעװעגונג מיט אַ האַלב־אָפֿענעם מױל און מיט
לעבלאָז־אַראָבגעלאָזטע הענד און פֿיס.

אײן מאָל בײַנאַכט, נאָכ'ן טעאַטער, האָט איהם דער פֿאָ־
טער אין די דרוקערײַ אַרײַנגעפֿיהרט. די מאַשין איז געשטאַנען
אונבעװעגליך, בעדעקט מיט אַ שװאַרצער דעקע.

— װאָס טהוט זי איצט? — האָט דאָס יונגעל שטילערהײַד
געפֿרעגט.

— זי שלאָפֿט, — האָט דער פֿאָטער אַ שפּאַס געמאַכט.

און ריקאַרדאָ האָט עטליכע מאָל װידערהאָלט פֿאַר זיך,
שטיל, שטיל, כּדי זי נישט אױפֿצוװעקען:

— „די מאַשין שלאָפֿט".

און פּלוצלונג האָט מען די דעקע אַראָבגענומען, דעם גאַז
געעפֿענט, עס האָט זיך דערהערט צו'ם ערשטען אַ ערװײַטערטער
אײַנגעהאַלטענער געריש, דערנאָך אַלץ העכער, העכער, און,
די אױפֿגעװעקטע, אױפֿגעלעבטע מאַשין האָט אָנגעהױבען אַרױס־
צװאַרפֿען פֿון איהר שרעקליכען בױך די מאָרגען־צײַטונג „ל אַ
פּ אַ ט ר י אַ".

ריקאַרדאָ איז געשטאַנען ערשטױנט און האָט בשעת מעשה
אַ קלער געטהון פֿאַר זיך:

— „זי רוהט זיך קײנמאָל נישט אױס".

אין מיט יעדען טאָג איז אין זײַן האַרצען אַלץ גרעסער און
גרעסער געװאָרען זײַן אַכטונג צו דעם דאָזיגען אונערקלערליכען
און צוציהענדען װעזען.

— — — — — — — — — — —

און רעסטאָראַן האָט ריקאַרדאָ גאַנץ פֿרײַמוטיג פֿערלעגט
די סערװעטע הינטער'ן קאָלנער. כּדי נישט צו פֿערשמוציגען דאָס
אַנצוג'ל, און האָט געדולדיג געװאַרט אױפֿ'ן מיטאָג, האַלטענ־
דיג זיך דערבײַ גאַנץ אַנשטענדיג, װי עס פּאַסט אין אַזאַ רײַכען און
עלעגאַנטען אָרט.

דאָס קינד האָט שווייַגענדיג בעטראַכט דאָס פּובליקום, און פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ איז אויך געווען גליקליך, וואָס ער מעג נישט רעדען. ער איז אַזוי מיעד געוואָרען! בײַ דער שאַרפער אונ־רחמנות'דיגער גאַז־בעלייַכטונג האָט דער זשורנאַליסט אויסגעזעהן ווי אַנ'אַלטער מאַן.

גלייַך נאָך דער נערוועזן־אויפרעגונג איז בײַ איהם אַ רעאַק־ציע אָנגעקומען; אַלע מוסקולען זענען אָבגעשוואַכט געוואָרען אָבגעפּאַלען. ער איז געזעסען בלאַס, ווי אַ מת, מיט אויסגעלאָשע־נע אויגען און מיט לעבלאָזע ליפּען. אין אַזעלכע מינוטען איז דער זשורנאַליסט עהנליך צו אַ פעלד־אַקערער, וואָס איז אויסגעמאַטערט דורך דעם שווערען אַרבייטס-טאָג; בײדע האָבען נאָר איין וואונש— זיך אָנצורעסען, זיך אָנצוזעטיגען. און פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ האָט אין אַזעלכע מינוטען זיך לחלוטין מיט קיין זאַך נישט אינטערעסירט אויסער מיט זײַן מיטאָג.

און וואָס פאַר אַ בעזונדערס ברענענדען אינטערעס האָט פאָרגעשטעלט דער דאָזיגער מיטאָג פאַר אַ געוויסען פרייַז, אָהן אַ פאָראויס געגעבענעם מעניו. מען האָט לאַנג געקאָנט זיך פערשאַ־פען דעם פערגניגען צו טרעפען פאָראויס, וואָס מען וועט דערלאַנ־גען אין די דאָזיגע פינף אָדער זעקס שפּייַזען. און פּאַאָלאָ דזשאָ־אַנאַ צוזאַמען מיט ריקאַרדאָ'ן האָבען פאָלשטענדיג געשטימט מיט אייַנאַנדער אין דעם דאָזיגען אייגענאַרטיגען פערגניגען, — צו בעטראַכטען און טרעפען פאָראויס.

— וואָס וועט מען עס אונז הײַנט געבען? — האָט אָנגעהויבען דער זשורנאַליסט, הונגעריג שלינגענדיג איין רעטעכעל נאָכ'ן אַנדערען.

— יאָ, אינטערעסאַנט... — האָט זיך גלייַך אָבגערופען ריקאַרדאָ, זיך שפּילענדיג מיט'ן גאָפּעל.

— נו, געוויס וועט זײַן זופּ.

— נאָר מיט וואָס וועט זײַן די זופּ?

פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ האָט אַ קוועטש געטהון מיט די אַקסלען און האָט גאַנץ ערנסט אויפגעהויבען די אויגען צו'ם פּולאַפּ מיט אַ שטומער פראַגע. אין רעסטאָראַן האָבען זיך געטראָגען ריחות

פֿון פֿערשיעדענע עסענוואַרג, און דאָס יונגעל האָט אַרײַנגעצויגען אין זיך די דאָזיגע ריחות און זיך בעמיהט צו טרעפֿען, פֿון וואָס פֿאַר אַ שפּײַזען זיי קומען.

— איך רעכען, עס וועט זײַן קאָטלעטען אַ לאַ ווילרואַ, — האָט ער אַ מורמעל געטהון.

— זעהר מעגליך. — האָט דער פֿאָטער מסכים געווען.

דערווײַל האָט מען זיי דערלאַנגט זופּ. און זיי האָבען שווײַגענדיג, כמעט מיט פֿרומע געזיכטער זיך גענומען צו׳ם עסען.

— דאָס איז זופּ מיט טאַפּיאָקע, — האָט פּאַאָלאָ געזאָגט אין אַ ווײַלע אַרום.

— ניין, דאָס איז סאַגאָ, — האָט ריקאַרדאָ געענטפֿערט.

— און איך זאָג טאַפּיאָקע.

— איך פֿערזיכער דיר, דאָס איז סאַגאָ, איך ווייס גאַנץ גוט.

ריקאַרדאָ, וועלכער האָט שטענדיג אַרומגעוואַנדערט איבער די רעסטאָראַנען, האָט פֿאָלשטענדיג אויסגעפֿאָרשט אַלערליי שפּײַזען און זייערע נעמען. פֿאַר איהם איז קיין געהיימנים נישט געווען אין די קלינגענדיגע ווערטער: „בעף אַ לאַ פֿינאַנסיער", „עסקאַלאָפּ", „סאָס מאַדער", „וואָל אָ וואַן", און זײַן פֿון קינדהײַט אָן פֿערדאָרבענער געשמאַק האָט אונגעהויער ליעב געהאַט די אַלע רעסטאָראַן־שפּײַזען. ווען עס איז צוליעב געלד־מאַנגעל אויסגעקומען אין דער היים צו עסען, האָט ער זיך כלומר׳שט געמאַכט, ווי עס שמעקט איהם גאַנץ גוט מאַריאַנע׳ס זופּ, דאָס שוואַרץ־געוואָרענע פֿלייש און דער נישט קלאָרער פּאָמידאָרען־סאָס. נאָר דער דאָזיגער היימישער מיטאָג אין זייער קליינעם מעבלירטען צימערל, וואָס איז אונציכטיג דערלאַנגט געוואָרען אויף צעבראָכענע טעלער מיט אויסגעקריצטע מעסער און גאָפּעל, האָט איהם אין האַרצען פֿערשאַפֿט אונענדליכע ליידען. אין די אויגען פֿלעגען איהם טרערען אָנלויפֿען און ער פֿלעגט זיי קוים אײַנהאַלטען.

— אין דער היים ווייסט איהר וועניגסטענס, וואָס איהר עסט, — פֿלעגט מאַריאַנע מורמלען, בעמערקענדיג דעם פֿאָטערס און דעם זוהנס אונצופֿריעדענע געזיכטער.

— געוויס, — פֿלעגט פּאַאָלאָ כלומר׳שט מסכים זײַן, נאָר

אין אמת'ן איז איהם אויך אַזוי ווי זיין קליינעם ריקאַרדאָ געווען אומעטיג און ער האָט זיך נישט געפֿיהלט גוט ביי דעם דאָזיגען היימישען מיטאָג. זיי האָבען ביידע געבענקט נאָך די רעסטאָראַנ-זאַלען מיט די סקולפּטור-בעציערונגען אויף די ווענד און די שפּיגע-לען אין פֿערגאָלדעטע ראַמען, מיט די רויטע סאַמעטענע דיוואַ-נען און די מאַרמאָרנע קאַמינען. עס האָט זיי געפֿעהלט די העלע גאַז-בעלייכטונג, דער עלעגאַנט-געגרייטער טיש מיט'ן בוקעט אין אַ שענער וואַזע און די פֿיגור פֿונ'ם פֿריש אָבגעגאָלטען לאָקאַי אינ'ם פֿראַק מיט'ן גלאַנציגען ציבֿטיגען קראַגען.

אין דער היים איז זיי נישט געפֿעלען געוואָרען גראַדע דאָס, וואָס זיי האָבען צו גוט געוואוסט, וואָס זיי עסען, און אין רעס-טאָראַן האָט זיי צוגעצויגען דאָס אונפֿערשטענדליכע, וואָס איז געווען אין די אויסגעפּיינטע שפּייזען.

ווען זיי האָבען שוין געהאַלטען ביי'ם ענדיגען עסען, האָבען זיי שוין אויף אַלץ געקוקט מיט אַנדערע אויגען. זיי האָבען שוין פֿערגעסען די שווערקייט פֿון דער אונגעהויערער אַרבייט און דעם אייביגען מאַנגעל אין געלד. אַזוי ווי אַ קליינער פּרינץ, אַזוי ווי אַ פֿערדאָרבען און רייך קינד האָט ריקאַרדאָ פֿערלאַנגט אַנ'אַנדער סאַ-לאַט צו'ם בראַטען און האָט געמאַכט אַ קרומע מינע, ווען מען האָט דערלאַנגט אַ קאָמפּאָט, וואָס ער האָט נישט ליעב. ביידענס אויגען האָבען אויסגעדריקט אַ פֿאָלשטענדיגע צופֿריעדענשטעלונג און אַ צופֿריעדענער שמייכעל האָט געשוועבט אויף זייערע ליפּען.

קאַווע האָבען זיי יענעם טאָג בעשלאָסען נישט צו טרינקען אין רעסטאָראַן, נאָר געהן אין גראַנד-קאַפֿע. פּאַאָלאָ האָט לויט רעכנונג בעצאָהלט צעהן ליר'ע אַכציג סאַנטים, נאָך דרייסיג פֿאַר קאָניאַק און פֿונפֿציג סאַנטים דעם קעלנער טרינק-געלד. זיי זענען דורכגעגאַנגען דעם רוישיגען טאָלעדאָ און אין קאַפֿע האָט דושאָאַ-נאַ בעגעגענט בעקאַנטע.

צו זייער טישעל האָט זיך צוגעזעצט אַ עלטערער הערר מיט גרויע וואָנסעם.

— מען מעג אייך עפּעס פֿאָרלעגען? — האָט דושאָאַנאַ זיך פֿריינדליך צו איהם אָנגעבויגען.

— דאנק, זײַט זיך נישט מטריח אומזיסט.
— אפשר אַ ציגאַר, אַ?
— ביטע, דאַנקע, נאָר זאָגט מיר, איך בעט אײַך, וואָס פֿאַר אַ שלעכטס האָט אײַך געטהון אונזער אָרימער פּרעפֿעקט?
— מיר האָט ער קײן שלעכטס נישט געטהון.
— פֿאַרוואָס זשע פֿײַנדיגט איהר איהם?
— צי דען ווערט ער געפֿײַנדיגט?
— נאָך ווי! ער ווערט בלאַס ווי די וואַנד, ווען ער עפֿענט אויף די „טעמפּאָ", און הײַנט, האָב איך מורא, וועט ער זיך שוין מוזען לעגען צו בעט.
— אַזוי? — דזשאָאַנאָ האָט זיך צופֿריעדען צעלאַכט.
— דאָך וואָלט שוין אפֿשר צײַט געווען, איהר זאָלט איהם אויפֿהערען אַזוי צו טרײַבען?
— נײן, אין קײן פֿאַל נישט, ביז מען וועט איהם נישט אַראָבזעצען פֿון זײַן שטעלע.
— איך גלויב נישט, מען זאָל איהם אַראָבזעצען, דער מיניסטער פֿון אינערן לעגט נישט קײן אַכט אויף די צײַטונגען.
— טהוט ער זעהר שלעכט. און גלויבט מיר, אַז דעם פּרעפֿעקט וועט מען דאָך אַראָבזעצען.
— ער וועט זיך שנעל טרײסטען, ער איז זעהר רײַך! — האָט דער אַלטער געענדיגט פֿילאָזאָפֿיש. — איהר געהט הײַנט אָוועַנד אין טעאַטער סאַנאַדזאַראָ? אַמאַליע שפּילט, מיר פֿערזאַמלען זיך דאָרט אַלע. איבריגענס, דאָס דאָזיגע קלײנע מראַבל וועט אפֿשר וועלען שלאָפֿען געהן? — ער האָט אַ גלעט געטהון ריקאַרדאָ'ן איבער דער באַק.
— מיר ווילט זיך קײנמאָל נישט שלאָפֿען, דער פּאַפּאַ ווײס דאָס, — האָט ריקאַרדאָ שנעל געענטפֿערט, אויפֿשפּרינגענדיג פֿון נעבען טיש.
— מײַן ריקאַרדאָ איז שוין אַ ערוואַקסענער מענש, — האָט דזשאָאַנאַ בעמערקט.
דער אַלטער איז אוועקגעגאַנגען זיך צו קויפֿען בײַ דער בלומען-פֿערקויפֿערין אַ גאַרדעניע אין קנאָפּלאָך. פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ

האָט שוין פֿאַר זיך אויך געקויפֿט אַ ראָזע בײַ אַ שען מעדעל און אַ בוקעטעל זשאַסמין פֿאַר ריקאַרדאָ'ן. ווידער האָט ער בע־צאָהלט לויט רעכנונג העכער אַ לירע פֿאַר קאַווע און ציגאַרען, ווידער טרינק־געלד דעם קעלנער און אַ לירע פֿאַר די בלומען.

— מיר דוכט זיך, אַז די דאָזיגע בלומען־פֿערקויפֿערין איז ענליך צו דער מאַמאַ, — האָט דאָס יונגעל מיט אַ מאָל בעשלאָסען, זיך אָנהענגענדיג אָן פֿאָטערס האַנד.

— ניין, ניין, ריקאַרדאָ.

— ווירקליך. ווען זי לאַכט?

— ניין, די מאַמאַ איז געווען גאָר אַנ'אַנדערע.

— איך ווייס, גאָר אַנ'אַנדערע... נאָר ווען זי האָט געלאַכט? איבריגענס, זי האָט זעלטען געלאַכט... פֿאַרוואָס?

— זי איז געווען אַ ערנסטע, — האָט דער פֿאָטער קורץ בעמערקט.

און אויף דער דאָזיגער רוישיגער מענשענפֿולער גאַס, צווי־שען דער פֿרעהליכער מאַסע, איז דעם יונגעל פּלוצלונג אומעטיג געוואָרען, ביז טרערען אומעטיג. ער איז קוים געגאַנגען, פּשוט די פֿיס געשלעפּט אויף דער ערד.

— איך וואָלט געוואָלט, די מאַמאַ זאָל מיט מיר זיין... די מאַמאַ האָט מיך געליעבט. — האָט דאָס יונגעל געדרעט שטילער־הייד.

— און איך ליעב דיך דען נישט?

— יאָ, דו ליעבסט מיך, נאָר איך וואָלט געוואָלט, די מאַ־מאַ זאָל מיט מיר זיין.

— אָבער וואָס איז דיר, מיין קינד?

— אין דערהיים איז מיר אַזוי לאַנגווייליג, מאַריאַנען קאָן איך נישט ליידען, די ווירטין איז אַ בייזע.

— זיי טהוען דיר עפּעס שלעכטס?

— ניין. פּשוט ס'איז מיר לאַנגווייליג. וואָלט די מאַמאַ געווען אין דער היים, וואָלט מיר נישט לאַנגווייליג געווען. נאָר זי איז נישטאָ, און איך קאָן שוין נישט מעהר בלייבען איינער אַליין אין צימער, לאָז מיך נישט איבער אין דער היים.

— איך וועל דיך שוין נישט איבערלאָזען, ריקאַרדאָ, וועסט שטענדיג מיט מיר זיין, — בערוהיג זיך!

— שטענדיג, שטענדיג נעהם מיך מיט זיך, — האָט דאָס יונגעל געבעטען.

און צווישען דער מאַסע האָט זיך דער פֿאָטער אַראָבגעבויי-גען צו'ם יוננעל און איהם מיט'ן גאַנצען כח אַ קוש געטהון.

דערנאָך האָבען זיי בעשלאָסען צו קויפען בלומען פֿאַר די אַקטריסע אמאַליע, זיי האָבען אָבער נישט געוואָלט קיין בוקעט, נאָר אויסגעקליבען עטליכע אָבגעשניטענע בלומען מיט לאַנגע שטענגלעך. די הייסע זומער-זון האָט אַלץ פֿערברענט, און די בלומען האָבען געקאָסט זעהר טייער. פֿאַר צוויי גאַרדעניען, עטלי-כע ראָזען, צוויי-דריי צווייגלעך געראַניום און העליאָטראָפּ, האָט דער הענדלער פֿערלאַנגט זעקס לירע. פּאַאָלאָ דושאָאַנאַ האָט זיך לאַנג געדונגען מיט איהם און זאָגאַר בעשלאָסען אַוועקצוגעהן, נאָר ריקאַרדאָ האָט שוין די בלומען גענומען און זיי נישט געוואָלט צוריקגעבען. ער האָט זיי אַליין געוואָלט דערלאַנגען דער אַרטיס-טין. סוף כל סוף האָט מען זיך אויסגעגלייכט אויף פֿיער לירע.

— אמאַליע וועט זיין זעהר צופֿריעדען: די בלומען זענען פּראַכטפֿול, — האָט דאָס קינד ווי געטרייסט דעם פֿאָטער.

אין טעאַטער, נאָכדעם ווי פּאַאָלאָ דושאָאַנאַ האָט אַביסעל געשמועסט מיט בעקאַנטע, האָט ער זיך גלייך נעלאָזט אין אַמאַליע'ס גאַרדעראָב-צימער. זיי זענען דורכגעגאַנגען דורך די סצענע, צווישען די דעקאָראַציעס. דאָס אַלץ איז געוועזען אַזוי אינטערעסאַנט און אַזוי פֿאַנטאַסטיש און גלייכצייטיג אַזוי שרעקליך!

אָט איז דער גאַרדעראָב-צימער. גאַז ברענט, די היץ איז אונערטרעגליך. אומעטום אויף די שטוהלען זענען פֿאַנאַנדערגע-וואָרפֿען קליידער, פֿערשיעדענע טואַלעט-זאַכען, האַנדטיכער. אויף אַ רויטער אַטלאַס-קלייד אין אַ ווינקעל שלאָפֿט אַ הינטעל צוזאַמענ-געדרעהט ווי אַ קנויל. אַ פּאָר פֿאַנטאָפֿעל זענען זיך איבער דער ערד צעלאָפֿען אין פֿערשיעדענע זייטען און זיידענע זאָקען הענגען לעבלאָז אַראָב פֿון פּאָרענץ פֿון שטוהל. אומעטום נאָר וואָס גע-שענקטע בלומען.

ריקאַרדאָ איז געשטאַנען בײַ׳ם טואַלעט, נישט וואַגענדיג זיך צו זעצען און אײנגעטעמענדיג אין זיך דעם ריח פֿון פודער, זײפֿען און נאָך עפּעס זיסליכעס און דעם אַראָמאַט פֿון די אַלע בלומען. ער איז געווען ערשטיינט. פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ און אַמאַליע׳ס מאַן האָבען וועגען עפּעס לעבהאַפֿט געשמועסט, נאָר פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ ווײַטער געשרײש פֿון אַפּלאָדיסמענטען, און גלײַך דערנאָך איז אין צימער אַרײַנגעלאָפֿען אַמאַליע, אויפגערעגט, נערוועז. מיט בלומען אין די הענד.

— האַלט! — האָט זי אויסגעשריען צו׳ם מאַן און איהם צוגעוואָרפֿען די בלומען.

— פֿונפֿצעהן בוקעטען! — האָט ער אויפגעצעהלט.

און גלײַך האָט זי פֿאַר זײַ אין די אויגען אָנגעהויבען אַראָבצונעהמען פֿון זיך די ציערונגען און אָבשפּילען איהר קאָסטיום.

— איך האָב אײַך אויך געבראַכט בלומען, סיניאָרא אַמאַליע! — האָט דאָס יונגעל אַ מורמעל געטהון.

— מײַן ליעבער, מײַן טײַערער! אָט אַ טײַער קינד! דערפֿאַר וועל איך דיר אַ קוש טהון אָט אַזוי!

און דאָס שענע אָנגעפּודערטע געזיכט מיט די אונטערגעצײַכענטע אויגען און אונטערגעפֿאַרבטע ליפּען האָט זיך אַראָבגעבויגען צום יונגעל און איהם אַ שטאַרקען קוש געטהון אין די ליפּען. ער איז שוין גאָר צעמישט געוואָרען.

— נו, אויב איהר וועט אַזוי כסדר פֿיהרען, סיניאָרא אַמאַליע, וועט מײַן זוהן אין גאַנצען פֿון זינען אַראָב צוליעב אײַך, — האָט זיך פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ צעלאַכט.

— איך האָף... איבריגענס, ריקאַרדאָ האָט זיך מיר שוין איין מאָל ערקלערט אין ליעבע. נישט אמת, מײַן קלײנס, דו ביזט אין מיר פֿערליעבט? דו ליעבסט מיך?

— איך ליעב, — האָט דאָס יונגעל ערנסט געענטפֿערט.

— הײַסט עס אי דער זוהן, אי דער פֿאָטער, — האָט זיך דזשאָאַנאַ ווידער צעלאַכט. — דו דאַרפֿסט זיך פֿאַר מײַן זוהן מעהר היטען ווי פֿאַר מיר! — ער האָט אַ קלאַפּ געטהון אַמאַליע׳ס מאַן אין פּלײצע.

— פֿון ריקאַרדאָ וועגען בין איך שוין איצט אײַפֿערזיכטיג, — האָט זיך דער לעצטער אָבגערופֿען אין אַ שפּאַס און אָנגעהויבען די בלומען צונויפֿקלײַבען.

אַמאַליע האָט זיך איבערגעטהון הינטער אַ שפּאַנישע ווענדטעל, שמועסענדיג האַלב־שטיל מיט דער דיענסט. גלײַכצײַטיג האָט זי אונטערגעהאַלטען דעם שמועס אויך מיט די אַרײַנקומענדע געסט, געלאַכט, קאָקעטירט. ריקאַרדאָ האָט זיך בעזעצט אין אַ שטוהל, נאָכדעם ווי ער האָט אַראָבגעוואָרפֿען פֿון איהם אַ שפּיצען־מאַנטאָ, און האָט פֿון אַמאַליע'ן קײַן אויג נישט אַראָבגענומען, ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען פֿון הינטער דעם וועגדטעל אין אַ גלענצענדען אָפֿענעם קאָסטיום וואָס איז געווען אויסגענעהט מיט זשעט און גאָלד. אַלץ די זעלבע שפּאַסען, קאָקעטע פֿראַזען, רײַצענדע אָנצוהערעניִשען.

— איך וועל זיך באַלד ריקאַרדאָ'ן אין ליעבע ערקלערען, האָט די אַקטריסע אויסגעשריען און צום יונגעל צוגעגאַנגען. — פֿון די געשענקטע בלומען האָט זי אויסגעקליבען רויטע גערצניען און זיי צוגעלעגט צו די האָר. — עס קלײַדט מיר, מײַן קלײַנס?

אַרום און אַרום האָבען אַלע געלאַכט, אויך פּאַאָלאָ דזשאָאַנאָ האָט געלאַכט. דאָס יונגעל האָט אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ, נאָר ער האָט גאָרנישט געקאָנט זאָגען. ער איז אַזוי ערשטוינט געווען פֿון אַלעם, וואָס ער האָט געזעהן, אַז ער האָט כמעט דעם זינען פֿערלאָרען פֿון דער דאָזיגער היץ, פֿון די שפּאַסען, פֿון דער אײַנגעשלאָסענער לופֿט און פֿון די שאַרפֿע פּערפֿום־ריחות. אַ בלאַסער איז ער ווי פֿערשטײַנערט געוואָרען אין זײַן שטוהל מיט אַ לײַדענשמײַכעל אויף די ליפּען.

— מיר וועלען זיך נאָך זעהן, ריקאַרדאָ, יאָ? — האָט איהם אַמאַליע צוגעשריען, אַנטלויפֿענדיג אויף די סצענע, — איך וועל דיר געבען צוקערלעך.

דער גאַרדעראָב־צימער איז לעדיג געוואָרען. די פֿרײַנד און פֿערעהרער זענען זיך צעגאַנגען אין די קאָרידאָרען, אויף די סצענע, אַנדערע זענען געבליבען וואַרטען אויף די אַקטריסע, כּדי זי אַהײם צו בעגלײַטען.

פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ האָט זיך געטראָפֿען מיט אַ קאָלעגע אַ

זשורנאַליסט און זײַ האָבען לעבהאַפט גערעדט וועגען פּאָליטיק.
אין מיטען שמועס האָט ער זיך פּלוצלונג דערמאָהנט:

— קום, ריקאַרדאָ, שוין צײַט.

זײַ זענען אַרויסגעגאַנגען זאַלבעדריט, און ריקאַרדאָ האָט אויסגעזוכט קלײַן־קלײַן צווישען די צוויי מאַנסלײַט. עס איז שוין געוועזען האַלבע נאַכט. זיי זענען געגאַנגען און ווידער גערעדט, זיך אָבגעשטעלט, זיך געהיצט, געמאַכט מיט די הענד, אָנגענומען אײַנער דעם צווייטען פּאַר אַ קנעפּעל. דאַן פּלעגט זיך אויך ריקאַרדאָ אָבשטעלען מעכאַניש, נאָר ער איז שוין געוועזען אַזוי מיעד און שלעפּריג, אַז ער איז שיער פון די פיס נישט געפאַלען, און די ברעהמען זענען שווער געוועזען, ווי מיט בלײַ בעגאָסען. בלײַבענדיג שטעהן, פּלעגט ער אויף אַ ווײַלע אײַנשלאָפען, און ווי זיי האָבען זיך נאָר אָנגעהויבען ווײַטער ריהרען, האָט ער זיך אויך מיט אַמאָל אויפגעכאַפּט. אין דעם דאָזיגען פײַנליכען האַלב־שלאָף האָט ער קיין וואָרט נישט פערשטאַנען פון דעם אַלעם, וואָס זײַן פאָטער און זײַן קאָלעגע האָבען גערעדט, און אין׳ם קלײַנעם קעפּעלע פון דעם אויסגעפּײַניגטען בעשעפענישעל האָט נאָר געברומט עפּעס אַ נישט קלאָרער, נאָר אונאויפהערליכער גערויש. ער האָט אפילו נישט געוואוסט, אויף וואָס פאַר אַ גאַס זיי געהען, און דער וועג אהײם האָט זיך איהם אויסגעדוכט לאַנג, לאַנג, אָהן אַ סוף. פּאַאָלאָ דזשאַאַנאַ, צעהיצט פון געשפּרעך, האָט נישט געזעהן, ווי זײַן קלײַן זיהנעלע לײַדט, און דאָס יונגעל האָט זיך נישט בעקלאָגט, נאָר כדי ער זאָל נישט אַנטשלאָפען ווערען און אומפאַלען, האָט ער זיך אָן די וואַנד אָנגעהאַלטען. די פיס האָבען זיך אַבסאָלוט ענטזאַגט איהם ווײַטער צו טראָגען, און דער שלאָף האָט איהם בעהערשט אַלץ מעהר און מעהר. עס האָט זיך איהם געדוכט, אַז ער געהט שוין לאַנגע, לאַנגע שטונדען, און ער וועט קײַנמאָל נישט אָנקומען. זײַן גאַנצע קלײַנע נשמה, אויסגעפּײַניגט דורכ׳ן קאַמפּף מיט׳ן שלאָף און מיעדקײַט, האָט זיך איצט אויסגעגאָסען אין אײַן נישט אַרויסגעזאָגטען געבעט:

„אַהײם, גיכער אַהײם“.

אויף „טאָלעדאָ“ איז דער כוח פון פּאָליטיק איבערגעגאַנגען

אויף קונסט ; אויף פינגנאסעקקא, וואו פאאלא דזשאאנא האט שוין געדארפט פערקעהרעווען צו זיך אהיים, האבען זיי אנגעהויבען רעדען וועגען סאציאליזמוס. דער קאלעגע האט דזשאאנא׳ן איינגערעדט, ער זאל איהם ווייטער בעגלייטען ביז׳ן דאנטע-פלאץ, וואו ער האט אליין געוואהנט. און דער נאכט-וואנדערער פאאלא איז שוין גרייט געוועזען צו געהן מיט איהם אלץ איינס וואוהין.

— א, פאפא! — האט דאס יונגעל טרויעריג אבגעזיפצט האלב פון שלאף.

דזשאאנא האט זיך פלוצלונג וועגען קינד דערמאהנט און איז אזוי גערירט געווארען פונ׳ם קלאנג פון זיין שטימע, פון דער דאזיגער אינטאנאציע, אז ער האט זיך גלייך מיט זיין קאלעגע געזעגענט און דאס יונגעל אויף די הענד גענומען. ריקארדא איז גלייך איינגעשלאפען, דעם קאפ אנגעשפארט אויפ׳ן פאטערס אקסעל. שווייגענדיג איז דער זשורנאליסט געגאנגען. די נאכט איז געווען א פייכטע. ארום איז אלץ געווען שטיל-שטיל. א דראזשקע איז פאמעליך פערבייגעפאהרען, צוריקקעהרענדיג אהיים.

— פאפא! — האט דאס יונגעל פלוצלונג געזאגט, אויפהויבענדיג דעם קאפ.

— וואס, ריקארדא?

— דו האסט שוין מעהר נישט קיין געלד, אמת?

— ניין... דוכט זיך, א לירע איז נאך געבליבען.

— וואס זשע וועט מארגען זיין?

— מארגען?... מארגען וועט גאט זארגען.

— ריכטיג, פאפא.

און דער קליינער איז ווידער איינגעשלאפען.

---

## II.

## דער גרויסער טאג.

בשעת זיין לאנגער און פאלשטענדיג בעוואוסטזיניגער נסיעה האט דער פאטער איהם צוגערופען צו זיך און געזאגט מיט א היי-

זערינגער שטימע פֿון אַ שווינדזיכטיגען:

— דו האָסט מיך ליעב, ריקאַרדאָ?

— פּאַפּאַ, פֿאַר וואָס פֿרעגסטו דאָס?

— אויב דו האָסט מיך ליעב, זאָג מיר צו, אַז דו וועסט קיין זשורנאַליסט נישט זיין.

און דער בליק פֿון דעם שטאַרבענדען איז פֿול געוועזען מיט אַזוי פֿיעל שרעק, מיט אַזוי פֿיעל פֿינסטערער פֿערצווייפֿלונג, און גלייכצייטיג האָט זיך אין דער דאָזיגער לעצטער ביטע געפֿיהלט אַזוי פֿיעל פֿאַטערליכע ליעבע, אַז דער יונגער ריקאַרדאָ האָט אַ מורמעל געטהון:

— איך זאָג צו נישט צו זיין קיין זשורנאַליסט.

— זיי נישט, קיינמאָל זיי נישט... דו זעהסט, ווי זשורנאַליסטען שטאַרבען? — האָט פּאַאָלאָ דזשאַאַנאַ געזאָגט, אַנערקענענדיג אין די דאָזיגע אויגענבליקען די גאַנצע שרעק פֿון זיין אונגיציגען פֿאַנליכען לעבען.

און אויב ריקאַרדאָ וואָלט פֿערגעסען די דאָזיגע לעצטע ביטע, די לעצטע צוואה פֿון שטאַרבענדען, וואָלט ער דאָך נישט געקאָנט פֿערגעסען זיין גאַנצע לאַנגע גסיסה.

ער האָט אַזוי גוט געדענקט, ווי זיין פֿאָטער איז קראַנק געוואָרען אויף בראָנחיט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך פֿערקיהלט איין מאָל ביינאַכט, ווען ער איז פֿון דער הײם אָנגעהייצטער און שטיקענדער דרוקערײַ מיט אַ מאָל אויף די קעלט אַרויס געגאַנגען. ער האָט אָנגעהויבען הוסטען, פֿערלאָרען די שטימע; ער האָט אָנגעהויבען זויגען עפּעס פּילולען. פֿון צייט צו צייט איינגענומען רפֿואות, כדי צו בערוהיגען די צערייצונג אין האַלז, נאָר גלייכצייטיג האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו אַרבייטען. טאָג טעגליך געשריבען לייט-אַרטיקלען, דורכגעזעהן די חראָניק, זיך וועגען אַלעם געזאָרגט, געלייענט די רעדאַקטאָרשע קאָרעקטור. דער הוסט האָט כלומר'שט אויפֿגעהערט, נאָר צוריק אָנגעחאַפּט נאָך אַ נאַכט-עסען אויף דער פֿרייער לופֿט, וואו די פֿאָרשטעהער פֿון דער פּרעסע האָבען געמאַכט אַ יום-טוב לכבוד אַ יונגען דראַמאַטורג. דאַן איז פּאַאָלאָ דזשאָאַנאַ עטליכע טעג זאָגאַר פֿון שטוב

נישט אַרויסגעגאַנגען, געאַרבּייט בּײַ זיך אין מעבּלירטען צימער, אײַנגעהילט אין אַ גרויסען פּרויען־שאַל, וואָס די ווירטין האָט איהם געליהען. און אויך ריקאַרדאָ פּלעגט גאַנצע טעג אָבּזיצען אין דעם דאָזיגען מעבּלירטען צימער און זיך צוקוקען, ווי עס אַרבּייט דער קראַנקער פּאָטער מיט פּלאַסטענדרע בּאַקען און מיט אַ קאַלטען שווייס אויפ'ן שטערען. טײַלמאָל פּלעגט פּאַאָלאָ, בּלאַס ווי דער טויט, די פּעדער אָבּוואַרפען און זיך אָנשפּאַ־ען אויפ'ן פּאַרענטץ פון שטוהל, כּדי נישט צו פּיהלען דעם עקעלהאַפטען ריח פון טינט. דאָך, ווי עס איז איהם אַ בּיסעל בּעסער געוואָרען, האָט ער אַרויס־געבּונדען דעם האַלז מיט אַ אַלטען רויטען זײַדענעם שאַל און איז ווידער אין רעדאַקציע געגאַנגען. דאָס האָט זיך ווידערהאָלט נישט איין מאָל. און אַזוי האָט זיך געצויגען פון טאָג צו טאָג די דאָזיגע אונענדליכע אַרבּייט און אונענדליכע גסיסה: געהן אין רעדאַקציע און בּשעת מעשה קוים קאָנען עטעמען און זיך אָבּ־שטעלען, כּדי זיך אויסצוהוסטען. אַרבּייטען דאָרטען לאַנג, לאַנג און זיך אָבּרוהען נאָר אַ מאָל אויף אַ פּיערטעל שעה, בּיז דער פּיעבּער־אָנפאַל וועט פּאַרבּייגעהן, און ווידער אַרבּייטען בּיז שפּעט אין דער נאַכט, אַ מאָל בּיז טאָג.

דערנאָך האָט ער געמוזט אַרבּייטען אין דער היים, אין בּעט, זיך פּערהוסטענדיג פון צײַט צו צײַט, אַז ס'האָט אָטעם פּערפּעהלט, און פּערוואַרפּענדיג אויף די קישענס דאָס געלע, פון שווייס פּײַכטע געזיכט. גוטע פרײַנד זענען געקומען, קאָלעגען, אויפ'ן שוועל די שטיקלעך ציגאַרען אַוועקגעוואָרפען, געשפּאַסט, גערעדט וועגען טעאַטער און פּאָליטיק, נאָר נישט לאַנג געזע־סען. טײַלמאָל האָט זיך עמיץ פון זיי אײַנגעבּויגען צו'ם קראַנקען, איהם פרײַנדליך עטליכע ווערטער אין אויער אַרײַנגערוימט, עפּעס אין האַנד אַרײַנגעשטעקט; פּאַאָלאָ האָט שטענדיג נערוואַנקט און צוגענומען דאָס, וואָס מען האָט איהם געגעבּען, מיט אַ אומעטי־גען שמייכעל אויף די ליפּען, און אַ מאָל אויך מיט טרעהרען אין די אויגען. צוויי מאָל איז דער אַרויסגעבּער געקומען צו פאָהרען און יעדעס מאָל פּינף מינוט געזעסען. ער האָט געקוקט ערגעץ אין דער ווײַטען, אַזוי ווי מעבּאַניש געזאָגט אײניגע מיטלײַדס־

ווערטער, און בײַ'ם אַוועקגעהן האָט ער אויפֿ'ן נאַכט־טישעל אָניִע־דערגעלעגט דעם ערשטען מאָל פֿיִערציִג, דעם צווייטען מאָל — דרײַסיִג ליִרע.

דער יונגער ריִקאַרדאָ האָט דעם פֿאָטער אויף קיין איין אויגענבליִק ניִשט פֿערלאָזט. זיִך אָנשפּאַרענדיִג אָן אײַזערנעם פּאָרענץ פֿון בעט איז ער שטונדענלאַנג געשטאַנען שווײַגענדיִג, האַלטענדיִג אַראָבגעלאָזט זײַנע שטאָלצע, אומעטיִגע אויגען. צוויי טעג פֿאַר זײַן טוירט האָט נאָך פּאַאָלאָ דזשאָנאַנאַ געשריִבען אַ לייט־אַרטיִקעל מיִט אַ ציִטערנדער האַנד, און בײַ יעדען אָטעם־צוג איז פֿון זײַן ברוסט אַרויסגעפֿלויגען אַ גרויזאַמער פֿײַף. איִנ'ם טאָג פֿון טויִרט האָט ער נאָך אײַנגענומען קאָרען, לאַנג געדרעמעלט, און ווען ער האָט זיִך אויפֿגעכאַפּט האָט ער עטליִכע מאָל אונגעדולדיִג אָנגעוויִזען, אַז מען זאָל עפּעס צונעהמען פֿון ציִמער. ריִקאַרדאָ האָט ניִשט פֿערשטאַנען, וואָס ער וויִל, און ער האָט אַלע מאָל אָנגענומען אַנ'אַנדער זאַך, אָנשטעלענדיִג אַ סך רעגענדען בליִק אויפֿ'ן שטאַרבענדען; ענדליִך האָט ער פֿערשטאַנען, — ער האָט צונויפֿגעקומען אַלע צײַטונגען און זיי פֿון ציִמער אַרויסגעשלײַדערט. איִן דעם זעלבען אויגענבליִק האָט דער שטאַרבענדער זיִך בערוהיִגט. איִן אַ פֿיִערטעל שעה אַרום שפּעטער איז ער געשטאָרבען, פֿאָלשטענדיִג רוהיִג, אָהן ליײַדען, ניִשט זאָגענדיִג קיין וואָרט. און די אײַביִגע רוה האָט אויסגעגלײַכט זײַן מיִעד געזיִכט.

ריִקאַרדאָ האָט צו'ם ערשטען געשריִען פֿאַר וועהטאָג, דערנאָך האָט ער זיִך פֿאַר די שכנים פֿערשעמט און ער איז פֿערשוויגען געוואָרען. אויפֿ'ן טיִשעל איז געלעגען צוויי ליִרע און קליינגעלד, — רעשטע פֿונ'ם לעצטען פֿיִנף־ליִרע־פּאַפּיִערעל, וואָס מען האָט הײַנט איִן דער פֿריִה צעביִטען. די וויִרטיִן פֿון הויז האָט דעם טוידטען פֿרום אָנגעקלײַדט, נאָר זי האָט ניִשט געפֿונען קיין איין פּאָר מעהר אָדער ווײַניִגער רעכטע שיִך, און ריִקאַרדאָ האָט שנעל אויסגעטהון זײַנע שיִך, כּדי זיי אָנצוטהון דעם טוידטען, — זיי זענען דאָך געווען גאַנצער ווי די איִבעריִגע. דער אַרויסגעבער האָט געגעבען אויף דער לויה הונדערט פֿונפֿציִג ליִרע, נאָך הונדערט צוואַנציִג ליִרע האָבען די קאָלעגען צונויפֿגעקליִבען צווישען

זיך, געבענדיג יעדערער צו פינף, צו צוויי לירע און זאגאר צו פונפציג סאנטים. אויף דער רויה האבען זיך פערזאמעלט אלע פארשטעהער פון דער הויפט-שטאדט-פרעסע. מען האט געהאלטען רעדעס וועגען דעם ארבייטער מיט דער פעדער, וואס איז ביי דער ארבייט געשטארבען. אלע זשורנא-ליסטען איז אהן צווייפעל אומעטיג געווען און פינסטערע פארגע-פיהלען האבען זיי געדריקט, דער פעריתום'טער ריקארדא איז ביי'ם סאמע קבר געשטאנען און געקוקט, ווי מען האט דעם ארון אראבגעלאזט. זיין העלער אנצוגעל איז געווען דער איינציגער שארפער פלעק צווישען די דונקעלע פיגורען, נאר ער האט קיין געלד נישט געהאט אויף צו קליידען זיך אין טרויער. איבריגענס, דער ארויסגעבער האט זיך אויך דערנאך געפיהרט זעהר גרויס-מוטיג: אין א משך פון דריי מאנאטען האט ער איהם נעגעבען צו הונדערט לירע מאנאטליך, און דערנאך האט ער פאר איהם בעקומען א שטעלע אלס בעאמטער אין מיניסטעריום פון ערד-ארבייט און האנדעל אין רוים. און די גאנצע פרעסע האט דער-נאך איינשטימיג געלויבט די גוטסקייט פון דעם ארויסגעבער פון דער צייטונג „טעמפא“.

אז ריקארדא האט פערלארען די איינציגע בעשעפעניש וואס ער האט געליבט און וואס האט איהם געליבט, האט ער זיך איינגעשלאסען אין זיין שטאלצען, גרויסען טרויער. צו דער מעכאנישער קאנצעלאריע-ארבייט פון עלף ביז פינף האט ער זיך אין גיכען צוגעוואוינט. די טעג זענען פערביי אונבעמערקט, די ארבייט האט אנגעפילט יענע לעערקייט, וואס האט זיך אין זיין נשמה געבילדעט. דאס געהאלט פון הונדערט לירע מאנאטליך האט איהם געניגט צו פיהרען א בעשיידען לעבען פון א קליינעם בעאמטען; אין רעסטאראנען איז ער נישט געגאנגען, געמיטאגט האט ער אין א ארימע קיך, זיך בעפריינדעט מיט איניגע פון זיינע חברים אין דיענסט, נאר קיינמאל האט ער מיט קיינעם ווע-גען זיין פערגאנגענהייט נישט גערעדט.

אזוי זענען פערביי עטליכע אונבעמערקבארע מאנאטאנע יאהרען. קיין צייטונגען האט ריקארדא נישט געקויפט, און ווע-

געןְ פּאָליטיק האָט ער קיינמאָל ניט געֶרעדט, און אז מען האָט אין זיין אנוועזענהייט אָנגעהויבען וועגען דעם רעדען, פלעגט ער זאָגאר אוועקגעהן מיט אינסטינקטיווען עקעל.

איין מאָל האָט ער אונבעוואוסטזיניג ווידערהאָלט די פראַזע פון זיינעם א חבר:

— וואָס מיר צייטונגען? אַלע צייטונגען זאָגען ליגען!

נאָר גלייך האָט זיך איהם דאָס האַרץ צוזאַמענגעדריקט, — פונקט ווי ער וואָלט עמיצענס טייערען נאָמען בעליידיגט.

איין מאָל האָט ריקאַרדאָ זיך צופעליג געטראָפען מיט איינעם פון זיין פאָטערס קאָלעגען, א נעאַפּאָלער זשורנאַליסט.

— אָ, מיין טייערער פריינד, — דער זשורנאַליסט האָט איהם פאַמיליאַריש אין פּלייצע א קלאַפּ געטהון, — נו, ווי לעבט זיך עס?

— ניט שלעכט, איך דאַנק אייך.

— און וואו אַרבייטסטו? אין וועלכער צייטונג שרייבסטו?

— איך דיען אַלס בעאַמטער אין מיניסטעריום פון ערד־אַרבייט.

— בעאַמטער? גאָט מיינער! דיין פאָטער עליו השלום זאָל פון קבר אויפשטעהן, נו, נו, וואָלט ער זיך געוואונדערט.

— דער פאָטער האָט ניט געוואָלט, איך זאָל זיין א זשורנאַליסט.

— דאָס רעדט זיך אַזוי בשעת מען איז קראַנק, פערשטעהסטו... נאָר איך פערזיכער דיר, א וואוילע פּראָפעסיע אונזערע, א לעבענדיגע... און דו האָסט נאָך ניט קיין בעל פון דער דאָזיגער ביוראָקראַטישער אַרבייט?

— דער פאָטער האָט ניט געוואָלט, איך זאָל זיין א זשורנאַליסט! — האָט ריקאַרדאָ פעסט ווידערהאָלט.

— ער איז געשטאָרבען, האָט ער ניט געוואָלט... וואָלט ער געלעבט, וואָלסטו אונבעדינגט מיט איהם צוזאַמען געאַרבייט...

— ווער ווייס... אפשר... בין איך צו נאַריש, אום צו שרייבען?

— שטות׳עריַיען! דער עיקר איז דער בערוף. און דו

האָסט איהם דעם דאָזיגען בערוף און סוף כל סוף וועט ער דיך בעזיעגען. איך גלויב אינ'ם כח פון ירושה, דאָס ליעגט שוין ביי אונז אַלעמען אין בלוט, מענסט זיך פערלאָזען אויף מיר.

יענעם אָוועגד איז ריקארדאָ געווען עפּעס בעזונדערס נערוועז, זיצענדיג ביי'ם עסען אין זיין קיך, די שמועסען פון זיינע קאָלעגען האָבען איהם צערייצט, און כדי זיי נישט צו הערען האָט ער זיך אַ צייטונג געקויפט. דער בעקאַנטער ריח האָט איהם צוריקגע־קעהרט צו'ם אמאָליגען קינדערשען לעבען, וואָס איז פול געווען מיט אַ אומעטיגען חן און פּאָעזיע. איין אויגענבליק האָט ער, אַזוי ווי אין חלום, דערזעהן די גאַנצע פערגאַנגענהייט, — די אויס־געפּוצטע זאַלען פון די רעסטאָראַנען מיט פערגאָלדונג און סאַמעט, די זיך בעוועגענדע דרוק־מאַשינען, די קוליסען פון טעאַטער, די סצענע, די גאַרדעראָב־צימערען מיט די בעקאַנטע סילועטען, אין גאַנצע בערג צייטונגען. אָבער דאָס איז נאָר איין אויגענבליק געווען. ער האָט דורכגעלייענט די גאַנצע צייטונג פון דער ערש־טער ביז דער לעצטער שורה און איז ענטציקט געווען. די שפּראַך פון די קינדהייטס־יאָהרען האָט זיך איהם צוריק דערמאָהנט. ער האָט גאַנצע פראַזען דערקענט. יאָ, ווירקליך אַזוי: „מען בעט אונז מיטצוטיילען א. ז. וו., — אז אינ'ם נעכטי־גען ארטיקעל האָט זיך אריינגעגנבה'ט א פערדרים. ליכער טעות". ער האָט יעדעס וואָרט אויסענוועניג געוואוסט! און אָט איז אַ בעקאַנטער אָנהויב פון אַ אַרטיקעל: „פון סאַמע אין דער פריה אָן איז אויף די גאַסען פון דער הויפּט־שטאָדט צו בעמערקען אַ אונגעוועהנליך לעבהאַפטע בעוועגונג". נישט לייענענדיג וואָלט ער גע־קאָנט פאָרטזעצען יעדע פון די דאָזיגע פראַזען. דאָס זענען געווען די לידער, וואָס האָבען איהם פון קינדהייט אָן איינגעוויעגט, זייער מוזיק האָט נאָך ביז איצט אין זיין הארצען געציטערט; און ריקאַרדאָ'ן איז געוואָרען אומעטיג, אומעטיג.

אין דער פריה האָט זיך זיין אויפגערעגטער פיעבער־צו־שטאַנד איינגעשטילט, נאָר ביי דער אַרבייט איז ער געווען טרויע־ריג און אונצופריעדען, און אַזוי ווי אין דער נעכטיגער אָוועגד־

צײַטונג האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָלעמיק מיט אַ צווייטער צײַטונג, האָט ער איצט געקויפט בײדע צײַטונגען, כדי צו זעהן, ווי זיי וועלען זיך איינע דער צווייטער ענטפערן. אַזוי איז בײַ איהם ביסלעכווייז געוואָרען אַ געוואָהנהײַט צו קויפען די מאָרגען-און אָווענד-צײַטונגען, און זײַן קליין צימערל איז פול געוואָרען מיט געדרוקטע בלעטער.

אין יענער צײַט האָט זיך נאָך ריקאַרדאָ אַלץ וועניג אינטערעסירט מיט די צײַטונגס-מיטטײלונגען, נאָר גאַנץ אָפט האָט ער זיך דערמאָהנט אָן שמועס מיט'ן נעאַפּאָלער זשורנאַליסט. יענער האָט דאָך איהם כמעט איבערגערופען „גראָבער בויך"? וועלכע חוצפה! וואָס מײנען זיי זיך עפּעס, די דאָזיגע הערען זשורנאַליסטען? פונקט ווי ס'איז טאַקי אַזוי שווער צו שרײַבען אַרטיקלען? — נאַרישקייטען! דעם זעלבען אָווענד נאָך האָט ריקאַרדאָ געקויפט פּאַפּיער און האָט עס מעכאַניש צעשניטען אויף אַזעלכע שטיקלעך, ווי זײַן פאָטער פלעגט שטענדיג צעשנײַדען. און פלוצלונג האָט זיך איהם קלאָר פאָרגעשטעלט די פיגור פונ'ם שטאַרבענדען, און עס האָט זיך איהם זאָגאַר געדוכט, אַז ער הערט זײַן הײזעריגע שטימע:

— „אויב דו האָסט מיך ליעב, ריקאַרדאָ, זײַ נישט קיין זשורנאַליסט!"

ער האָט דערשראָקען דאָס פּאַפּיער אָבגעוואָרפען און פון שטוב אַרויסגעגאַנגען. ער האָט זיך געוואָלט צעשטרייען פון דעם בילד, וואָס האָט איהם פערפאָלגט, און איז אַרײַן אין קאַפע „קאָלאָנאַ".

דאָרט האָבען עטליכע סטודענטען, בעאַמטע און אַ צײַטונגס-חראָניקער געשמועסט מכח פּאָליטיק. ער האָט זיך צוגעזעצט צו זיי. און אויסגעלאָזט האָט זיך עס דערמיט, וואָס אַלע האָבען שווײַגענדיג זיך צוגעהערט צו די לאַנגע רעדערייען פון חראָניקער, וועלכער האָט נישט איין מאָל וויעדערהאָלט מיט אַ זיכערען טאָן:

— ווער דען, אויב נישט איך, קאָן דאָס וויסען אַזוי גענוי!

אויפ'ן צווייטען אָווענד האָט ריקאַרדאָ שוין מעהר נישט געפרובט קעמפּפען מיט זיך. ער האָט זיך איבערגעבויגען איבער

די פֿאַנאַנדערגעשניטענע שטיקלעך פּאַפּיער און האָט אָנגעהויבען שרייבען.

ער האָט אָנגעשריבען אַ פּאָליטישען אַרטיקעל און איהם אַ נאָמען געגעבען: „ד י  ה י י נ ט י ג ע  ל א ג ע". געשריבען האָט ער ביז צוויי דעם זייגער בייַנאַכט, און ווען ער האָט געענדיגט, האָט ער אין גאַנצען געציטערט פֿון נערוונע־אָנשטרענגונג.

אינ'ם לאַנגען, קינדיש אָנגעשריבענעם אַרטיקעל איז דער זין געווען זעהר פֿערדרעהט און פֿערוויקעלט, אַלץ פֿראַזען און פֿראַזען. נאָר וויפֿיעל ליעבע, לייַדען, גערדאַנקען. ווערטער האָבען זיך געשטויסען אין זיין יונגער נשמה! וויפֿיעל האָט זיך איהם געוואָלט אַרויסזאָגען! נאָר ער האָט נישט געוואוסט, ווי און וועמען צו זאָגען.

ריקאַרדאָ האָט הויך, מיט געפֿיהל זיין אַרטיקעל איבער־געלייענט, דערפֿון איז ער נאָך מעהר אויפֿגערעגט געוואָרען און — ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און זיך צעוויינט.

אויף צו מאָרגענס אין דער פֿריה האָט ער איהם איבערגע־שריבען, אויסגעבעסערט, אַרייַנגעלעגט אין אַ גרויסען קאָנווערט און אָבגעשיקט אין איינע פֿון די גרויסע טעגליכע צייַטונגען. גלייַך דערנאָך האָט ער אַ גאַנצע וואָך די דאָזיגע צייַטונג געקויפֿט, און יעדעס מאָל ווען ער האָט זי געעפֿענט, האָט ער אַזש געציטערט פֿאַר אויפֿרעגונג.

דער אַרטיקעל איז נישט געדרוקט געוואָרען. ער האָט אָנגעשריבען אַ בריעף צו'ם רעדאַקטאָר, אויפֿגעגעבען זיין אַדרעס, געבעטען, מען זאָל איהם צוריק שיקען דעם אָ ר י ג י נ אַ ל. קיינער האָט איהם נישט געענטפֿערט. אין אַ וואָך אַרום האָט ער ווידער אָנגעשריבען עטליכע אַרטיקלען מיט שרייענדע נעמען און זיי אין רעדאַקציע געשיקט, — קיין איינער פֿון זיי איז נישט געדרוקט געוואָרען. דאַן איז איהם אין גאַנצען דער מוט אָבגע־פֿאַלען און ער האָט געפֿיהלט, אַז ער פֿאַלט גייסטיג ערגיץ אין אַ אָבגרונד, פֿון וואַנען קיינער וועט איהם נישט אויפֿהויבען.

איבריגענס, אין די אָווענדען האָט ער געפֿונען אַ געוויסען טרייסט. ער האָט די אָווענדען ווי פֿריהער פֿערבראַכט אין קאַפֿע

„קאָלאָנאַ“. און דאָרט צווישען דער רוישענדער מאסע, אין דער איינגעשלאָסענער, נאָר זיין האַרצען טמיערער אטמאָספּערע פון טאַבאַקס־רויך און וויין־אויסדעמפּפונגען, האָט זיך ריקאַרדאָ נערוועזן אויפגערעגט, אנגעהויבען רעדען, זיך בעטייליגט אין די וכּוחים און געשאָטען א פּאַראַדאָקס נאָך א פּאַראַדאָקס, צו׳ם ערשטען זיך פלאָנטערענדיג אין די פראַזען און אין זינען פון די געזאָגטע ווער־טער, נאָר דערנאָך אַלץ זיכערער און שענער.

אין דער היים האָט ער ווידער הויך געהאַלטען זיינע גלענ־צענדע רעדעס, און ביינאַכט האָט זיך איהם געחלום׳ט, אז ער וועט זיי געדרוקטערהייד.

בּיסלעכווייז האָט זיך אין איהם ענטוויקעלט דער גייסט אָב־צושפּאַרען, עס איז געבאָרען געוואָרען אין איהם דער ווילען צו קעמפּפען; אומעדום האָט ער געפונען טעמאַטען פאַר זיינע מו־טיגע רעדעס און ער האָט שוין נעהאַט א קליינע אוידיטאָריע, אויך א פערעהרער, א פּאָסט־בעאַמטער, וואָס פלעגט איהם ביי־נאַכט פון קאַפע אַהיים בעגלייטען.

— פאַרוואָס שרייבסטו נישט קיין אַרטיקלען און דרוקסט זיי נישט? — האָט ער זיך נאַאיוו געוואונדערט.

— איך קאָן נישט... איך האָב צוגעזאָגט... — נאָר וועמען און וואָס ער האָט צוגעזאָגט האָט ריקאַרדאָ נישט ערקלערט.

איבּריגענס. דער צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבען, האָט איהם שוין איצט נישט אויפגעהאַלטען, און די שרעקליכע שאָ־טען פון טוידטען פאָטער האָבען איהם שוין מעהר נישט געשראָ־קען. זיין פערשטאַנד איז פון טאָג צו טאָג אַלץ שטאַרקער גע־וואָרען, דער געדאַנקען האָט זיך בעפרייט פון דער אוננויטיגער לאַסט, ער האָט שוין געערדט פריי און לייכט.

נאָר אין זיינע פלאַמענדיגע רעדעס איז נישט געווען קיין אויסגעזעסענעם, פעסטעס וויסען! דאָס איז געווען א היציגע, פון דער נאַטור געגעבענע פעהיגקייט, א מין פייערווערק פון שענע ווערטער און פראַזען, וואָס טויגען גראַדע פאַר צייטונגס־ליטע־ראַטור, וועלכע בעריהרט נאָר די טאָג־פראַגען.

אַלץ, וואָס ריקאַרדאָ האָט געערדט און געדענקט אין די

דאָזיגע אָנהעדרען פון נערוועו־אויפשטייגונג, איז איינענטליך קיינעם און צו קיין זאך נישט נויטיג געווען, און ער האט עס קלאָר אנערקענט פאר זיך אליין, ווען ער איז ביי זיך אין דער היים אליין געווען. ווער איז ער? אין דער פריה — א אונבעדייטענדער קליינער בעאַמטער; אין אָווענד — א פוסטער, נאָר אין זיך זיכערער פלוידער־יונג. ווער האט איהם געקענט? אין דער פריה — צוויי־דריי בעאמטע, אויך אזעלכע אונבעדייטענדע ווי ער; אין אָווענד—זיעבציג, אכט שוטים. און זיין הייסעסטער פערעהרער איז געווען דער דאָזיגער קליינער פאסט־בעאמטער, וועלכער האט איהם נישט איין מאל ענטציקט פערזיכערט:

— מיט דיין פערשטאנד וואָלסטו געדארפט א מיניסטער זיין, ריקאַרדאָ!

דאס בעוואוסטזיין פון זיין אייגענער נישטיגקייט האט זיך אלץ מעהר און מעהר צעוואקסען אין הארצען פונ'ם יונגען דזשאָאנאַ, און עס האט איהם גענאגט דער ווילען זיך אויסצוצייכנען. זיך אויפהויבען איבער דער מאסע, און די טעגליכע אונבעדייטענדע ארבייט אין מיניסטעריום האט זיך איהם אויסגעוויזען אונערטרעגליך. און ער האט געטרוימט וועגען דער פערגאנגענהייט. ער האט פערגעסען דאס גאנצע שלעכטס פון דער פערגאנגענהייט און האט נאָר געדענקט די גלענצענדע זייטען פון זשורנאליסטען־לעבען.

מעהר ווי אלץ האט זיך איהם געוואָלט אנקומען אין איין זעהר פערשפרייטער צייטונג, וואס איז ערשיענען אין רוים און אין איהר האבען מיטגעארבייט די בעסטע זשורנאליסטען. ער האט וועגען דער דאָזיגער צייטונג גערעדט מיט א בעזונדערער אויפרעגונג, מיט א פערליעבטען שטילען טאָן, און אלץ, וואס האט זיך אין איהר געדרוקט, האט זיך איהם אויסגעוויזען שען, עהרליך און גרויס. אין די צוויי פרייע מיטאגס־שטונדען, וואס ער האט נעהאט צווישען דער ארבייט, פלעגט ריקאַרדאָ א מאל געהן אויפ'ן פלאץ מאָנטע טשיטאָריאָ און געקוקט אויף די טהירען פון דער רעדאקציע. צוויי מאל האט ער זאָגאר געהאט אזוי פיעל מוט אריינצוגעהן אהין און קויפען עטליכע אלטע נומערען און

מיט דער גרעסטער אויפרעגונג איז ער געשטאנען אין קאנטאר און בעטראכט די ארומיגע נעגענשטאנדען.

אזוי ווי ער האט שטענדיג געשפאציערט אויף דעם דאזיגען פלאץ, האט ריקארדא אין גיכען שוין געקענט אין געזיכט דעם ארויסגעבער, דעם רעדאקטאר, די שטענדיגע מיטארבייטער און האט זיי מיט די אויגען בעגלייט מיט'ן גרעסטען עהרע-געפיהל. דאך האט ער אין הארצען געפיהלט א געוויסען כעס אויף זיין געליבטער צייטונג דערפאר, וואס זי האט זיינע ארטיקלען נישט געדרוקט.

ווי פאננען אנדערע אן? ווי זענען זיי אנגעקומען אין דעם דאזיגען הייליגען טעמפעל? מיט וואס האבען זיי פערדיענט דאס רעכט צו רעדען יעדען פריהמארגען צו הונדערט טויזענד לעזער?

און א אונזיניגער פערלאנג האט ריקארדא'ן אנגעחאפט — צוצוגעהן צו איינעם פון די מיטארבייטער און בעטען איהם, ער זאל איהם אויסזאגען דעם סוד פון דעם דאזיגען ערשטען שריט.

„ניין, מיר וועט קיינמאל נישט געלינגען א זשורנאליסט צו ווערען", — האט ריקארדא פערצווייפעלט אלץ ווידערהאלט פאר זיך און איז זאגאר קראנק געווארען אויף גאל-פיעבער, וואס איז אין מאלאריע איבערגעגאנגען.

דאן האט ער גאנצע אנדערהאלבען מאנאטען קיין צייטונ-גען נישט געלייענט, געהאפט צו שטארבען, געוואלט אלץ פער-געסען; דערנאך, אין א מינוט פון שוואכקייט, האט ער ווידער געקויפט זיין געליבטע צייטונג, זי אויפגעעפענט און געלייענט, געלייענט נאכאנאנד, מיט א מאל, נישט פערשטעהענדיג אפילו וואס ער לייענט.

אויף דער ערשטער זייט צווישען די מודעות, האט זיך איהם אין די אויגען געווארפען, אז די רעדאקציע זוכט א ער-פאהרענעם קארעקטאר. ער האט אזש א ציטער געטהון פאר פרייד, נאר גלייך האט ער זיך פערשעמט, געוואלט זיך צווינגען נישט צו קלערען וועגען דעם, נאר ער איז נישט אימשטאנד גע-ווען. און עמיצענס א שטימע האט איהם כסדר צוגערעדט און אין אויער איינגערוימט, אז ס'איז נישטא קיין שענדליכע ארבייט

און אַז איצט איז ער דאָך סײַ ווי אויך נאָר אַ קלײנער און אונ־בעדײַטענדער בעאַמטער.

„אָ, פּאַטער, פּאַטער, וואָס זשע זאָל איך טהון?“ — האָט ריקאַרדאָ אויסגעשריען, אויסשטרעקענדיג פערצווייפעלט די הענד און פיהלענדיג, אַז ער איז נישט אימשטאַנד מעהר צו קעמפפען.

זײַן גאוה האָט איהם אָבגעהאַלטען. זײַן אַ פּשוט'ער קאָרעקטאָר דאַן, ווען ער האָט געטרוימט אַ זשורנאַליסט צו זײַן? ער האָט לאַנג געצווייפעלט און זאָגאַר ווען ער איז שוין געגאַנגען די שטעלע בעטען איז נאָך געווען איין מינוט, ווען ער האָט זיך אוועקגעדרעהט אויף אַנ'אַנדער גאַס, נאָך אַלץ נישט קאָנענדיג זיך בעשליסען אין רעדאַקציע אַרײַנצוגעהן. נאָר די לײַדענשאַפט האָט אַלץ בעזיעגט. אָט איז דאָס בעקאַנטע געבײַדע. מיט אַ ענט־שלאָסענער בעוועגונג האָט ער די טהיר געעפענט און איז שנעל אויף די טרעפּ אַרויפגעלאָפען.

— איך דאַרף זעהן דעם רעדאַקטאָר, מעלדעט איהם.

— דער רעדאַקטאָר איז בעשעפטיגט, זײַט אַזוי גוט און וואַרט אונטער... — דער לאָקאַי האָט איהם אַרײַנגעפיהרט אין עמפּפאַנגס־צימער ווי אַ וויכטיגע פּערזאָן.

אין עמפּפאַנגס־צימער האָט געהערשט דער בעקאַנטער טו־מעל. איינער איז אַרײַן, אַ צווייטער אַרויס, אַלע יאָגען זיך, קיינער געהט קיינעם נישט אָן. צוויי מאָל האָט ער בעשלאָסען נישט מעהר צו וואַרטען און אַוועקגעהן; נאָר דער לאָקאַי איז נישט געווען, און ער איז געבליבען.

— ביטע! — האָט ענדליך דער לאָקאַי געזאָגט.

דער רעדאַקטאָר איז געזעסען מיט צוויי צימערען ווייטער, איבערגעבויגען איבער אַ גרויסען טינטער האָט ער עפּעס געשרי־בען און דערנאָך האָט ער דעם לאָקאַי איבערגעגעבען אַ צעטעל.

— וואָס ווינשט איהר? — האָט ער זיך געווענדעט צו רי־קאַרדאָן.

— מכח דער קאָרעקטאָר־שטעלע...

— מיר האָבען שוין פיעל קאַנדידאַטען. ווי הייסט איהר, איהר קאָנט קאָרעקטירען?

— מײַן פֿאָטער איז געװען אַ זשורנאַליסט. איך הײס דזשאָאַנאַ, מײַן פֿאָטער האָט געאַרבײַט אין „טעמפּאָ".

— אַהאַ! אַרבײַטען קומט אײַם פֿון פֿיער ביז זיבען.

— איך װאָלט נאָך געקאָנט קומען פֿון צװעלף ביז צװײ?

— דאָס איז איבעריג. אויף װידערזעהן.

— איז װאָס, זאָל איך נאָך אַ מאָל קומען נאָך אַ ענטפֿער?

— יאָ, קומט מיטװאָך.

און זיך אײַנבויגענדיג איבער די פּאַפּירען האָט זיך דער רעדאַקטאָר װידער גענומען צו'ם שרײַבען.

ריקאַרדאָ איז פּונקט װי אין אַ אָבגרונד אַראָבגעפֿאַלען נאָך אַזאַ אויפֿנאַהמע; זײַנע אַלע האָפֿנונגען זענען מיט אַמאָל צעפֿאַלען. ער האָט געמײַנט, אַז דער רעדאַקטאָר װעט זיך פֿעראינטערעסירען מיט איהם, איהם פֿאַנאַנדערפֿרעגען װעגען פֿאָטער. און די גאַנץ געװעהנליכע אויפֿפֿיהרונג פֿונ'ם רעדאַקטאָר האָט זיך איהם אויסגעװיזען װי אַ אומבאַרמהערציגע ענטטוישונג. יענעם אָװענד האָט ער זיך געשװאָרען מעהר די דאָזיגע צײַטונג נישט אויפֿצועפֿענען. נאָר מיטװאָך איז ער דאָך אין רעדאַקציע געגאַנגען און בעקומען די קאָרעקטאָר-שטעלע.

דאַן האָבען זיך פֿאַר איהם אָנגעהויבען צרות פֿון אַנ'אַנדער סאָרט

— איהר זענט אָנגעקומען אין די רעדאַקציע „באַיאַרד"?— האָט מען זיך אין מיניסטעריום געװאונדערט. — ס'װעט אינטערעסאַנט זײַן אײַערע אַרטיקלען צו לײענען...

— יאָ, איך שרײַב אין „באַיאַרד"...

ער איז רויט געװאָרען, נאָר װײַטער ליגען געזאָגט אַז אין מיניסטעריום, אַז אין קאַפֿע „קאָלאָנאַ".

בעזונדערס האָט איהם נישט צורוה געלאָזט זײַן פֿערעהרער— דער פּאָסט-בעאַמטער.

— איך װעל באַלד נאָכ'ן סטיל דײַן אַרטיקעל דערקענען,— האָט ער פֿערזיכערט, — נאָר פֿון דעסטװעגען װעסטו מיר פֿאַר־אויסזאָגען, װען דײַנע זאַכען װעלען געהן, כּדי איך זאָל די צײַטונג קויפֿען. — װעסט נישט פֿערגעסען?

— איך וועל נישט פֿערגעסען, — האָט ריקאַרדאָ צוגע־זאָגט מיט פֿערצווייפֿלונג אין האַרצען.

און וואָס פֿאַר אַ פּײַן די אַרבייט אַליין איז געווען! ער איז געזעסען אין אַ ווינקעל, קיינעם נישט געזעהן און מעכאַניש די ווערטער פֿערריכט, נישט פֿערשטעהענדיג אפילו זייער זינען. און אַזוי טאָג טעגליך, פֿון פֿיער ביז זיעבען די זעלבע מעכאַנישע קאָרעקטאָרישע אַרבייט.

און אין קאַפֿע האָט איהם דער פּאָסט־בעאַמטער בראַנדי נישט אויפֿגעהערט צו פֿרעגען:

— נו, וואָס איז עפּעס געווען דיינס אין „באַיאַרד"?

— דערווייל נאָך נישט...

— פֿערלייקען בעסער נישט פֿון מיר. איבריגענס, איך וועל סײַ ווי דערקענען לויט דער שפּראַך, איך ווייס דאָך גאַנץ גוט, ווי ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ רעדט און דענקט.

איין מאָל האָט איהם זיין חבר בראַנדי בײַ אַ געלעגענהייט געפֿרעגט:

— ס'איז אמת, אַז דעם מיניסטער פֿון אויסערן איז אויס־געדריקט געוואָרען אונצופֿריעדענהייט פֿאַר זיין פּאָליטיק פֿון די לעצטע טעג?

— איך ווייס נישט, — האָט ריקאַרדאָ געענטפֿערט טרוקען, שוין אַריינפֿאַלענדיג אין כּעס.

— איהר ווילט נישט זאָגען? איהר זשורנאַליסטען מאַכט פֿון אַלעם אַ געהיימניס!

זיי האָבען איהם געהאַלטען כּמעט פֿאַר די הויפּט־פּערזאָן אין דער רעדאַקציע, און אין דער זעלבער צייט האָט ער נאָך אַלץ געלייענט די קאָרעקטור אין דעם זעלבען קליינעם צימערל, וואו קיינער פֿון די מיטאַרבייטער און די רעדאַקציאָנס־מיטגליעדער איז אַפילו נישט אַריינגעגאַנגען. טיילמאָל האָט ער געהערט שטרי־טען, וכּוחים, נאָר דאָס אינערליכע לעבען פֿון „באַיאַרד" איז פֿאַר איהם ווי פֿריהער געבליבען אַ הייליגער טעמפּעל, און ער האָט נישט געוואַגט אַהין אַריינצוגעהן.

— דזשאָאַנאַ, ווער שרייבט זיך דאָס אונטער מיט'ן פּסעוו־

דאָנים מ אָ ל אָ ס ? — האָט מען אין אָווענד געפֿרעגט אין קאָפּע.

— איך ווייס נישט.

— און ס ט ע ל י נ אָ ? דו מוזט זיכער וויסען.

— איך ווייס נישט...

נאָר מען האָט איהם נישט געגלויבט און אין כעס געווען אויף איהם, פֿאַר וואָס ער האַלט אַלץ בסוד.

— און ווי שרייבסטו זיך אונטער? — האָט מען איהם אויסגעפֿאָרשט.

— איך האָב נאָך נישט בעשלאָסען.

— אָט זעהסטו, באַלד חאַפּ איך און גלויב דיר!...

און די דאָזיגע אָווענד-צרות האָבען איהם פֿערשאַפֿט אַזוי פֿיעל גייסטיגען שמערץ, אַז ער האָט אָנגעהויבען פֿיינד צו האָבען די קאַפֿע-הייזער און מענשען און בכלל אַלץ אין דער וועלט. וואָס אַנ'אמת, די שטראָף פֿאַר זיין ליגען איז געווען צו גרויס.

ער האָט שטענדיג געלעבט אין שרעק, אַז דער אמת וועט ענטדעקט ווערען, און דאַן וועט מען איהם אויסלאַכען; דאָס האָט איהם געצוואונגען אויסצוטראַכטען נאָך מעהר ליגענס, דערציהלען געניוער, כדי מען זאָל זעהן, אַז „ער ווייס אַלץ", און נישט זעלטען פֿלעגט ער טאַקי אַריינפֿאַלען ביי אַזעלכע ערצעהלונגען. איבריגענס, נאָך צוויי דריי פֿעהלערען האָט ריקאַרדאָ פֿערשטאַנען, אַז ס'איז געפֿעהרליך צו זאָגען ליגען, ווייל דאַן וועט נאָך ערגער זיין, און ער האָט אָנגעהויבען מענשען אויסמיידען, זיך אין די אַרבייט פֿערטיפֿען. די טעגליכע קאָרעקטור פֿון די אַרטיקלען פֿון „באַיאַרד" האָט פֿון איהם אַוועקגערויבט זיין אַ מאָליגע גרויסע שמחה, — ער האָט פֿערלאָרען דעם אינטערעס צו לייענען אַ ציישונג. די אַרטיקלען, פֿול מיט קאָרעקטאָרישע גרייזען, האָבען פֿאַר איהם יעדען זינען פֿערלאָרען, ער האָט זיי מעבאַניש אויסגעבעסערט. און ווען ער האָט אין אָווענד געעפֿענט די ציישונג, האָט ער אין די אַלע אַרטיקלען, מיטטיילונגען, ליעדער געזעהן זיינע קאָרעקטאָרישע צייכענס, וואָס ער האָט אין דער פֿריה געמאַכט, און דאָס לייענען האָט פֿאַר איהר זיין רייץ פֿערלאָרען. און אַזוי איז זיך אין ריקאַרדאָ'ס האַרצען פֿאַנאַנדערע-

גע ואַקסען אַ אונגעהויערע ענטטוישונג אין אַלעם.

די צוויי דריי מאָנאַטען פון קאָרעקטאָרישער אַרבייט האָבען אין איהם אויסגעבילדעט אַ אונפערשטענדליכע, נאָר צווישען די זשורנאַליסטען זעהר פערשפּרייטע שרעקליכע קראַנקהייט, — עקעל צו זייער ציַיטונג. ער האָט מעהר נישט געקאָנט אָנקוקען די דאָזיגע טלע אַרטיקלען, ליעדער, פּונקט ווי ער וואָלט זיי אַליין געשריבען און זיי זענען איהם שוין מיאוס געוואָרען.

— וואָס וועט עפּעס היינט זיין אינטערעסאַנטעס אין „באָיאַרד"? — פרעגט בראַנדי.

— גאָרנישט, אַלץ דאָס זעלבע, — האָט ריקאַרדאָ אונצופריעדען געמורמעלט.

ס'האָט איהם אויך פערדראָסען, פאַרוואָס ס'איז אַזוי אונמעגליך צו דערגרייכען צו'ם רעדאַקטאָר און צו די פערוואַלטער איבער די אָבטיילונגען, און פאַרוואָס זיי לעגען אַלע אויף איהם אפילו קיין אַכט נישט. ער האָט זיך דערמאָהנט זיין קינדהייט, ווען אַלץ איז געווען פיעל איינפאַכער, און זיין פאָטער האָט שטענדיג געאַרבייט, מיט די לעצטע כחות געאַרבייט, כדי די ציַיטונג צו הויבען. אין דעם משך פון די דאָזיגע צעהן יאָהר איז פאָרגעקומען אַ אונגעהויערע ענדערונג. די מיטאַרבייטער זענען שוין איצט נישט אַרומגעלאָפען צו פוס, זייענדיג גרייט זיך צו נעהמען צו אַלעם. פיעל פון זיי האָבען שוין געהאַט אייגענע קאַרעטעס, צוויי טריט צו פוס נישט געגאַנגען, און אַלע זענען געווען אַזוי ווירדע-פול און אַזעלכע „ריהר מיך נישט אָן". און ער איז געבליבען ווייט פון זיי, נישט אַנערקענט דורך זיי.

איבריגענס, פון ציַיט צו ציַיט זענען אויך אין ריקאַרדאָ'ס לעבען געווען ליכטיגע אויגענבליקען, ווען אין זיין קאָרעקטאָרצימער פלעגט אַריינקומען איינער פון די מיטאַרבייטער, וואָס האָט געשריבען הומאָריסטישע טעאַטראַלע איבערזיכטען. אין די דאָזיגע איבערזיכטען, טיילמאָל אין גראַמען, טיילמאָל אין פּראָזע, איז דער גאַנצער זינען געווען אָבהענגיג פון'ם ווערטער-שפּיעל, מאָל פון איין און איינציגען אות, און דעריבער איז דער שרייבער אַליין געקומען זעהן די ערשטע קאָרעקטור, זיך געזעצט

נעבען ריקאַרדאָ'ן און געשמועסט מיט איהם.

דער דאָזיגער שרייבער, אַ קורצזיכטיגער נעאַפּאָליטאַנער, מיט אַ גרויסער נאָז און מיט אַראָבגעלאָזטע וואָנסעס, איז אייגענטליך גאָר נישט געווען אַנציהענד, נאָר פאַר ריקאַרדאָ'ן איז ער געווען סימפּאַטיש, און זיין האַרץ האָט זיך צוזאַמענגעדריקט פון צערטליכקייט, ווען ער האָט דערהערט דעם געליבטען נעאַפּאָלער אַקצענט.

— איהר זענט אַ נעאַפּאָלער? — האָט איין מאָל דער הומאָריסט געפרעגט ריקאַרדאָ'ן.

— יאָ.

— ווייזט אויס, רוים געפעלט אייך נישט גאַנץ שטאַרק?

— נעאַפּאָל איז דאָס פאָטערלאַנד פון האַרץ, — האָט ריקאַרדאָ אַ מורמעל געטהון, — און דאָ דענקט מען מעהר.

אַזוי האָבען זיי געשמועסט אַ צוויי מאָל, נאָר אַפילו דאָס איז שוין גענוג געווען פאַר אַזאַ עלענדע בעשעפעניש ווי ריקאַרדאָ און ער איז גליקליך געווען.

פאַר די אַרבייט האָט ער בעקומען זעכציג לירא מאָנאַטליך, און דער דאָזיגער לויהן האָט זיך איהם אויסגעוויזען אַזוי בעלעדיגענד, אַז ער האָט קיינמאָל דאָס געלד נישט איבערגעצעהלט, אַפילו דערויף קיין קוק נישט געטהון און זיך שנעל אין בוך אונטערגעשריבען. זיינע קאָלעגען זענען געווען זיכער, אַז ער פאַרדינט זעהר פיעל און האָבען נישט געקאָנט פערשטעהן, פאַרוואָס וואָהנט ער נאָך אַלץ אין דעם זעלבען שלעכטען מעבלירטען צימערל, פאַרוואָס עסט ער נאָך ווי פריהער אין „טראַטוויר" און פונדעסוועגען קיינמאָל זיינע פריינד קיין ביער נישט.

עמיץ פון די בעקאַנטע האָט איין מאָל ביי ריקאַרדאָ'ן געבעטען אַ הלואה פונפציג לירע, אַ צווייטער, שוין מיט מעהר מוט, האָט געבעטען צוויי הונדערט. ריקאַרדאָ האָט נאַטירליך ענטזאַגט, ערקלערענדיג, אַז ער האָט קיין געלד נישט, און דאַן פלעגט מען איהם זאָגען:

— פאַרוואָס זאָלסטו נישט נעהמען קיין אַוואַנס אין קאַסע. מען האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ עגאָאיסט און אַ קאַרגע

און ער האָט אָהן אַ שיעור גליטען פון די אַלע אונאנגענעהמליכקייטען וואָס זענען פול געוועזען אין זיין לעבען.

אוועקגעהענדיג פון דער דרוקעריי זיעבען דעם זייגער אָוועגד? האָט ריקאַרדאָ מיט קנאה געקוקט אין די פענסטער פון די שענע רעסטאָראַנען, זיך דערמאָהנענדיג זיינע יאָהרען. איהם האָט אָנגעהויבען צו פערדריסען, פאַרוואָס ער איז דעמאָלט געוועזען אַ קינד און נישט קיין ערוואַקסענער, ווען ער האָט געגעסען פערשידענע רעליקאַטעסען און געשמאַקע געקעכטסען, און פאַרוואָס געהט איצט זיין לעבען פערביי אַזוי פאַרבלאָז און נישט וויכטיג.

איין מאָל האָט דער טעאַטער-רעצענזענט, ווען ער איז געבען איהם געזעסען און אויסגעבעסערט אַ ליעד, וואָס איז געוועזען געווידמעט דער אַקטריסע פיאַ מאַרקי, — איהם פאָרגעלעגט:

— פאָהרט היינט איהר אין „פאָליטעאַמאַ“. איך קאָן היינט נישט פאָהרען, וועט איהר האָבען מיין שטוהל. איהר וועט געבען אַ בעמערקונג וועגען דער פאָרשטעלונג, צוויי ווערטער — נישט מעהר.

ריקאַרדאָ איז בלאַס געוואָרען פאַר פרייד און אויפרעגונג, געדאַנקט און גענומען דעם רויטען טעאַטער-בילעט. אין קאָפּ האָט זיך ביי איהם אַלץ אויסגעמישט. ער האָט שוין איצט געקלערט, ווי אַזוי ער וועט אָנשרייבען די דאָזיגע צוויי ווערטער. ער האָט געוואָלט געפינען די סאַמע געלונגענסטע און שענסטע ווערטער, כדי צו ווייזען אַ מאָל, ווי ער קאָן שרייבען. נאָר ער האָט שוין אַזוי לאַנג זיינע קרעפטען נישט געפּרובט. ער האָט זיך דערמאָהנט אָן די אַרטיקלען און מיטטיילונגען פון „באַיאַרד“. נישט לאַנג צוריק האָט ער זיי געלייענט מיט עקעל, און איצט זענען זיי פּלוצלינג געוואָרען אין זיינע אויגען אָהן אַ שיעור שען און ער האָט זיך געפיהלט צו נישטיג, כדי אין אַזאַ צייטונג צו שרייבען.

כדי זיך גוט צוצוגרייטען צו'ם שרייבען אין אָוועגד דעם אַרטיקעל וועגען דער פאָרשטעלונג, האָט ריקאַרדאָ נאָך ביי טאָג זיך געקויפט אַ ליברעטאָ פון דער פּיעסע „די קראַפט פון שיקזאַל“, און איבערגעלייענט ווערדי'ס ביאָגראַפיע אין ענציקלאָפּעדישען

יערטערבוך פון דער מיניסטערשער ביבליאָטעק . מיט'ן עסען האָט ער זיך יענעם טאָג אויף שנעל אָבגעפאַרטיגט. אינגעשטאַנען פון טיש איז ער גלייך געגאַנגען זיך אָנטהון — דאָס טעאַטער איז געווען גאַנץ ווייט, און ער האָט געמוזט געהן אַהין צו פוס. אויפ'ן וועג האָט ער אין געדאַנקען נאָך אַלץ צוגעגרייט זיין אַרטיקעל. זאָל ער אפשר אָנהויבען מיט אַ ציטאַט פון מיוסע'ס ליעדער אָדער מיט אַ לאַטייניש געגלייכווערטעל? ער האָט זיך בעמיהט צו געפינען אַ שאַרפזיניגען וויץ אויפ'ן פאַמיליען-נאָמען פון באַריטאָן און געבען דער פרימאַדאָנע אַ נייעם, שענעם עפּיטעט. אינגאַנצען פערזונקען אין די דאָזיגע געדאַנקען, האָט ריקאַרדאָ נישט בעמערקט, ווי עקיפּאַזשען און פוסגעהער קעהרען צוריק פון טעאַטער, און נאָר ווען ער איז צוגעגאַנגען צו'ם טעאַטער-געביידע גופא, האָט ער דערזעהן די אַנאָנסע: „צוליעב אונפאָרויסגעזעהענע סיבות, וואָס זענען נישט אָבהענגיג פון אונז, ווערט היינט קיין פאָרשטעלונג נישט זיין. די דירעקציע".

אַ לאַנגער צוריקוועג וויעדער דורכ'ן בריק סיסטאָ... נישט גלייכער שוין איצט זיך אָראָבצוואַרפען אַהין, אונטען, אין קאַלטען שוואַרצען וואַסער, כדי דער שנעלער שטראָם זאָל זיין קערפער אונטערחאַפּען, אַרומדרעהען און אין ים אַריין אַוועקטראָגען? וועניגסטענס וואָלט מיט אַ מאָל אַ סוף געווען. נאָר דאָס איז דאָך טאַקי די גאַנצע זאַך, וואָס עס פעהלט איהם שטענדיג אויס דער מוט זיך מיט אַ מאָל אויף עפּעס צו בעשליעסען, און ער האָט אַ ציטער געטהון פאַר שרעק, ווען ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי באַנאַל אַזאַ טוידט איז, — זיין קערפער, פאַנאַנדערגעשוואָלען פון וואַסער, דאָס נעזיכט געל מיט אַ אָפּענעם, מיט זאמר אַני געפאַקטען מויל.

אויף צו מאָרגענס האָט ריקאַרדאָ פון דעסטוועגען בעשלאָסען אָנצושרייבען עטליכע ווערטער אין דער חראָניק וועגען דעם, אַז קיין פאָרשטעלונג איז נישט געווען. נאָר ער האָט נישט געוואוסט ווי בעסער צו שרייבען, און צוליעב זיין אונערפאַהרענהייט האָט ער אפילו נישט געפרעגט אין דער טעאַטער-קאַסע, פאַר-

וואס די פארשטעלונג איז אבגערופען געווארען.

ער האט זיך געזעצט שרייבען. אנגעשריבען עטליכע בלעטלעך, זיי צעריסען, ווידער געשריבען און סוף כל סוף האט ער איבערגעגעבען ווערטליך די זעלבע אנאנסע פון דער דירעקציע. מיט דער דאזיגער בעמערקונג איז ריקארדא אין די רעדאקציע געגאנגען און עס אבגעגעבען זעצען. עטליכע ווערטער און אפילו נישט זיינע אייגענע, בסך הכל א אנאנסע פון דער דירעקציע...
און דאך האט ער נאך מיטאג מיט ציטערניש געווארט אין קארעקטאר־צימער אויף די ערשטע אבזאצען און זיי דורכגעקוקט מיט א גוואלדיגער אויפרעגונג, פונקט ווי ער וואלט א ארטיקעל אנגעשריבען, — זיין בעמערקונג איז נישט געווען. דער רעדאקטאר האט געהאלטען פאר איבריג זי אבצודרוקען. דאט האט ריקארדא'ן איינגאנצען דערשלאגען... אויף צו מארגענס האט ער, אויסערליך גאנץ רוהיג, געקויפט א מארקע און דערלאנגט א ביטע אין מיניסטעריום, מען זאל איהם ערלויבען זיך צו בעטייליגען אין קאנקורס אויף די שטעלע פון א געהילף־סעקרעטאר... דער עקזאמען איז בעשטימט געווען אויף פעברואר, און קיין שווערע זאכען האט זיך נישט געפאדערט, בפרט נאך אז ער האט געהאט אייניגע פריווילעגיעס. צו דער ביטע דארף מען צולעגען א מעטריקע און אנדערע פאפירען. עס איז איהם אויסגעקומען ארומצולויפען, כדי זיי צו בקומען, און די דאזיגע ארומלויפעניש האט ריקארדא רזשאנא'ן א ביסעל צעשטרייט פון דעם פערצווייפעלטען בעוואוסטזיין, אז אלע זיינע האפנונגען זענען אונטערגעגאנגען. איצט, ווען ער האט געהאט פרייע צייט פון בעשעפטיגונגען, האט ער נישט געלייענט קיין צייטונגען און איז נישט געזעסען און געשמועסט אין קאפע, נאר זיך צוגעגרייט צו'ם עקזאמען, געהאפט, אז חאטש דאס וועט איהם אבגליקען, און זיך פארגעשטעלט, ווי ער וועט אין דער צוקונפט פאמעליך, לאנגווייליג, נאר זיכער שטייגען אויף דעם ביוראקראטישען לייטער. צו די עקזאמענס האט ער זיך געגרייט צוזאמען מיט אנדערע צוויי יונגע לייט, וועלכע האבען זיך אויך בעשלאסען זיך צו שטעלען צו די עקזאמענס. זיי האבען צוזאמען שפאצירט, צוזאמען געלערנט, זאגאר געמיטאגט

צוזאַמען און שטענדיג געערדט נאָר וועגען די עקזאַמענס. גלייכ־צייטיג האָט ריקאַרדאָ פאָרטגעזעצט זיין קאָרעקטאָרישע אַרבייט. זיך אָבער איצט בעמיהט פּערטיג צו ווערען מיט איהר ווי מעג־ליך שנעלער און זאָגאַר ניט געפּרובט אַריינדרינגען אין דאָס, וואָס ער האָט אויסגעבעסערט... אַ אונגעהויערע גלייכגילטיגקייט איז איהם אין הארצען פערקראָכען. ער איז זיכער געווען, אַז ער האָט נישט קיין טאַלענט, נישט קיין בערוף, נישט קיין מזל, און ס'איז איהם שוין כמעט רעכט געוואָרען צו לעבען אלס בע־אַמטער. אפשר איז טאַקי אַזוי בעסער און רוהיגער? אויף דער עלטער וועט ער זיך אַ פּענסיע אויסדינען און וועט שטיל זיין לעבען פערענדיגען...

ביז צו די עקזאַמענס איז שוין געבליבען נישט מעהר ווי צוויי וואָכען. אלס איין מאָל האָט איהם אַלץ דער זעלבער טעאַ־טער־רעצענזענט, וועלכער האָט צו ריקאַרדאָ'ן ווירקליך אַ סימפּאַ־טיע דערפיהלט, איהם וויעדער אַ מאָל פאָרגעלייגט:

— איהר ווילט היינט אָנשטאָט מיר פאָהרען אין „וואַללע"? דאָרט גיעט מען היינט אַ נייע פּיעסע אין פינף אַקטען. אַ פּיעסע מיט אַ מוסר, וואָס בעריהרט די טאָג־פראַגען. איך האָב אַזעלכע פּיעסען נישט שטאַרק ליעב און דערצו נאָך דאַרף איך היינט אונ־בעדינגט אין נעאַפּאָל פאָהרען. זאָל דאָס היינט זיין אייער ערשטע פּערער־פּראָבע, און זאָל אייך גאָט העלפען. איהר וועט דעם אַרטיקעל אָבגעבען עמיצען פון דער רעדאַקציע, מען זאָל איהם אייך אויסבעסערן, און ווי איך וועל נאָר צוריקקומען וועל איך קומען אַ קוק טהון, וואָס פאַר אַ ערפאָלג איהר האָט געהאַט...

ריקאַרדאָ האָט אומעטיג אַ שמייכעל געטהון... איצט איז ער שוין נישט קיין קינד, ער זאָל זיך פרעהען מיט אַ טעאַטער־בילעט און ווערען אויפגערעגט דערפון! ער האָט קאַלטבלוטיג דעם בילעט אין טאַש אַריינגעשטעקט, און האָט זיך שוין ביי מיטאָג נישט געאיילט צוליעב'ן טעאַטער, נאָר ביי'ם טיש האָט ער זיך דאָך נישט געקאָנט איינהאַלטען פון צו בעריהמען זיך:

— אָט האָב איך היינט אַ עסק! — האָט ער געזאָגט בלומר'שט אונצופריעדען. — אונזער רעצענזענט איז אַוועקגעפאָה־

רעֶן און איך מוז אָנשטאָט איהם זײַן אין „וואַלע" און אויסהערעֶן די לאַנגווײַליגסטע פֿינף־אַקטיגע קאָמעֶדיעֶ.

— וואָס פֿאַר אַ מאָדנער מענש דו ביזט! — האָט זיך פֿער־וואונדערט בראַנדי, דער שטענדיגער פֿערעהרער פֿונ'ם יונגען דזשאָאַנאַ. — דו בעקלאָגסט זיך דעריוף, צו וואָס אַלע שטרעבען און וואָס וואָלט אַלעמען אַזוי פֿיעל פֿערגניגען פֿערשאַפֿט. ווילסט נישט פֿאָהרען אין טעאַטער, טאָ גיעב מיר דעם בילעט, וועל איך פֿאַר דיר פֿאָהרען.

— און אַ אַרטיקעל וועגען דער פֿאָרשטעלונג וועסטו אויך אָנשרייבען? — דזשאָאַנאַ האָט אַ קוועטש געטהון מיט די אַקסלען.

— יאָ, ריכטיג דאָס קאָן איך נישט... — האָט בראַנדי פֿערלעגען אַ מורמעל געטהון. — נאָר סיי ווי סיי וועל איך מיט־פֿאָהרען מיט דיר... איך וועל קויפֿען אַ בילעט און זיך סטאַרען צו זיצען נעבען דיר.

נאָר קיין שטוהל נעבען ריקאַרדאָ'ן האָט בראַנדי נישט גע־קאָנט בעקומען און ער האָט זיך געקויפֿט אַ פּלאַץ הינטער די שטוהלען: זיי האָבען זיך אָבגערעדט זיך נאָך דער פֿאָרשטעלונג צו טרעפֿען און צוזאַמען אַ היים געהן.

ריקאַרדאָ האָט געהערט די פּיעסע מיט דער גרעסטער אויפֿ־מערקזאַמקייט, און האָטש נעבען איהם און הינטער איהם האָט מען שטאַרק אַפּלאָדירט, דאָך האָט ער קיין איין מאָל נישט אויס־געדריקט זיין סימפּאַטיע, און ווען ער האָט זיך אומגעדרעהט און דערזעהן, ווי רוישיג בראַנדי אַפּלאָדירט, האָט ער נאָר אַ קוועטש געטהון מיט די אַקסלען.

די פּיעסע האָט זיך איהם אויסגעוויזען באַנאַל און ווייניג אינטערעסאַנט. אין איהר איז פֿון דעם אַלעם געווען צו ביסלעך: פֿילאָזאָפֿיע וועגען גט'ען זיך, וועגען פּראָיען־עמאַנסיפּאַציע, הויכע פֿראַזען געגען די מענער פֿערפֿיהרער און לײַכטזיניגע קאָקאָטען, פֿאָרווירפֿע פֿאַר די אונווירדיגע קורצע־דיענער. דאָס אַלץ איז געווען אַלט, און עס האָט געקלונגען פֿאַלש און לאַנגווײַליג. די אויבערשטע רייהען האָבען אַפּלאָדירט, נאָר אין די לאָזשען און אין פּאַרטער האָט געהערשט שווײַגען.

— אַ גוואַלדיִגען טאַלענט האָט ער, דער דאָזיגער דראַמאַ-טורג! — האָט זיך בּראַנדי ענטציִקט אָנגערופען, ווען זיי זענען נאָך דער פאָרשטעלונג צוזאַמען אַרויסגעגאַנגען.

— בּיזט אַ שוטה, — האָט ריִקאַרדאָ רוהיִג בּעמערקט.

— וואָס הייסט? פאַר וואָס...

— דער, וואָס לויבּט אַ נאַרישע פּיעסע, קאָן אַליין אויך ניִשט קלוג זיין... — און דזשאָאַנאַ האָט זיך בּעמיִהט צו ערקלערען, ווי מעגליִך קלערער און גענויער, פאַרוואָס די פּיעסע איז אַ שלעכ-טע. ער האָט זי אַרומגערעדט איִן אַלע פּונקטען און געוואוסט, ווי זי אויסצולאַכען מיִט אַ גלענצענדען הומאָר, אַלץ אונטערצייכ-ענען, אַלץ קריִטיִקיִרען. ער האָט לאַנג און שען גערעדט דעם גאַנצען וועג אַהיים צו, און גערעדט האָט ער גאַנץ רוהיִג, צייטענ-וויִיז ציִטיִרט שעקספּיִר'ן, מאָליער'ן, געבּראַכט בּיישפּיעלען, בּעפּוצט זיינע רעד מיִט ראיות פון דער אָדער יענער פּיעסע, אָנגערופען ציִפער, דאַטען, נעמען.

בּראַנדי האָט ניִשט געוואַגט איִהם אָבּצושפּאַרען אָדער איִבּער-צושלאָגען. טיילמאָל האָט ער ניִשט געקאָנט נאָכלויפען נאָך ריִקאַרדאָ'ס שנעלע און גלענצענדע געדאַנקען. נאָר ער האָט גע-פּיִהלט, אַז ריִקאַרדאָ רעדט ריִכטיִג, שען און קלוג.

דערשלאָגען פון מיִעדקייט האָט זיך ריִקאַרדאָ איִן דער היים גלייך געלעגט און דאָס ליִכט פאַרלאָשען. נאָר איינשלאָפען האָט ער ניִשט געקאָנט, די נערווען זענען געווען צו פיִעל אָנגע-שטרענגט; דער דאָזיגער איִדיאָט בּראַנדי האָט איִהם אויפגערעגט מיִט זיינע נאַריִשע בּעמערקונגען און מיִט זיין לויבען די פּיעסע. דאָן האָט ריִקאַרדאָ איִן געדאַנקען וויִעדער קריִטיִקיִרט די פּיעסע און וויִעדערהאָלט אַלץ, וואָס ער האָט נאָר וואָס גערעדט צו זיין פערעהרער, געפונען נאָך נייע אַרגומענטען, נייע שאַרפזיִנניִגע אויסדרוקען אויף אַרונטערצורייסען די פּיעסע. ער האָט זיך זאָגאַר געבּייזערט אויף זיך, ליִגענדיִג איִצט איִן בּעט, פאַרוואָס דער אָדער יענער געדאַנקען איז איִהם פריִהער אויפ'ן קאָפּ ניִשט אַרויף, און האָט הויך געלאַכט איִן דער נאַכט-שטיִלקייט צוליִעב עפּעס אַ געלונגענעם שאַרפען וויִץ...

נײן, אײנשלאָפֿען קאָן ער נישט. גלײַכער אויפֿשטעהן. ער האָט אָנגעצונדען אַ ליכט, זיך געזעצט צו'ם טיש און זיך געוואָלט בעהמען צו די צוּבערײַטונגען צו די עקזאַמענס, נאָר נאָכדעם ווי ער האָט דורכגעלײענט עטליכע שורות פֿון דער האַנדעלס-געשיכטע, האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז ער פֿערשטעהט לחלוטין קײן וואָרט נישט. זײַן מוח איז פֿול געוועזען מיט דער נאָר וואָס געזעהענער פּיעסע און מיט זײַן קריטיק אויף איהר. נישט אָפּגעבענדיג זיך קלאָר קײן רעכענונג, וואָס ער טהוט, האָט ריקאַרדאָ זיך אָנגעטהון און אָנגעהויבען אַרומצוגעהן הין און צוריק איבער'ן צימער. ער האָט ווידער אַרומגעקלערט די רעצענזיע.

ענדליך איז שוין אַלץ אין מוח גרײט געוועזען, אַלץ ביז דער לעצטער פֿראַזע... דאַן האָט ער זיך צו'ם טיש געזעצט און אַזוי ווי פֿון היץ האָט ער אָנגעהויבען שרײַבען אַ בלעטעל נאָך אַ בלעטעל. עס האָט זיך געשריבען לײַכט. ווי עמיץ אַנדערש וואָלט זײַן האַנד בעוועגט און די שטומע נאַכט-שטונדען זענען אין דער דאָזיגער אַרבײַט אײנע נאָך דער אַנדערער פֿאַרבײַגעגאַנגען.

אײן אויגענבליק איז געוועזען, ווען אין זײַן קאָפּ האָט זיך אַלץ צונויפֿגעמישט. ריקאַרדאָ איז אויפֿגעשטאַנען, זיך אָנגעשפּאַרט מיט'ן פֿלאַמענדען שטערען אָן די קאַלטע שויב און געפֿיהלט, אַז ער ווערט דערשטיקט פֿון דער גײַסטיגער אָנשטרענגונג. אַזוי פֿיעל געדאַנקען האָבען זיך אין זײַן מוח געשטויסען און זיך שנעל אויף דרויסען אַרויסגעריסען. ער האָט זיך קוים מיט מיה בערוּ־היגט. דערנאָך האָט ער זיך ווידער גענומען צו דער אַרבײַט און שוין געשריבען אָהן אויפֿהער ביז צו'ם סוף.

ענדליך איז דער אַרטיקעל געוועזען אונטערגעשריבען מיט אַ אויסגעוועהלטען פּסעוודאָנים מיט אַ ברײַטער שענער האַנדשריפֿט. אַ זיפֿץ פֿון ערלײַכטערונג האָט זיך פֿון ריקאַרדאָ'ס ברוסט אַרויס־געריסען, און עס האָט זיך איהם געדוכט, אַז נעבען איהם האָט נאָך עמיץ אָפּגעזיפֿצט. ער האָט נישט איבערגעלײענט די בלעט־לעך, אפילו זײ נישט נומערירט, נאָר זײ אויפֿגעקליבען אַלע צו־זאַמען, זיך שנעל אויסגעטהון, פֿערלאָשען דאָס ליכט, זיך אַרײַנ־געוואָרפֿען אין בעט און אין דעם זעלבען אויגענבליק אײַנגע־

שלאָפֿען אָהן גערּאַנקען, אָהן חלומות.

אין דער פֿריה האָט איהם אויפֿגעוועקט בראַנדי און זיי זענען צוזאַמען געגאַנגען אָוועקטראָגען דעם אַרטיקעל אין די רעדאַקציע. דזשאָאַנאַ איז געווען פֿאָלשטענדיג רוהיג. אין דער היים האָט ער זיין אַרבייט נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט, אויסגעבעסערט, איינגעלעגט די בלעטלעך אויף דער העלפֿט. אַזוי ווי אַנדערע זשורנאַליסטען און שרייבער האָבען פֿאַר איהם אין די אויגען איינגעלעגט זייערע אַרטיקלען.

— אַ גרויסע זאַך איז עס צו האָבען ליטעראַרישע פֿעהיגקייטען און צו קאָנען שרייבען! — האָט בראַנדי אָבגעזיפֿצט; ער האָט די גאַנצע צייט איהם בעטראַכט מיט ענטציקונג.

— נו, ס'איז נישט אַזאַ גרויסע זאַך! — האָט זיך ריקאַרדאָ אָבגערופֿען האַלב מיט פֿעראַכטונג.

— און וויפֿיעל פֿערדיענסטו פֿון אַזא אַרטיקעל?

— עהרענוואָרט, איך ווייס נישט... מען צאָהלט פֿון דער שורה... וויפֿיעל שורות עס וועט זיין!

יענעם טאָג האָבען זיי זיך נישט צעשיידט כמעט ביז 4 דעם זייגער; אָבגעגעבען דעם אַרטיקעל אין רעדאַקציע, צוזאַמען געפֿריהשטיקט, צוזאַמען איבער די גאַסען געבלאָנזעט.

— לאַנגווייליג, און דאָך מוז מען געהן, — האָט ריקאַרדאָ ענדליך ערקלערט, — איך וועל אַליין די קאָרעקטור זעהן אויף וויעדערזעהן, ביי מיטאָג וועלען מיר זיך זעהן.

ער איז נישט איילענדיג אַריינגעגאַנגען אין קאָרעקטאָרצימער און זיך צו'ם טיש געזעצט. קיין אַבזאַצען איז נאָך נישט געווען. ער האָט געוואַרט אויף זיי נערוועזיג אָהן אַ שום אויפֿרעגונג.

אויפֿ'ן האַרצען איז איהם געווען רוהיג און גוט. אין די ערשטע אַבזאַצען איז זיין אַרטיקעל נישט געווען, נאָר דאָס האָט איהם נישט אויפֿגערעגט און נישט מצער געווען. ער האָט זיך פֿלייסיג גענומען צו דער געוועהנליכער אַרבייט, אויסגעבעסערט די אינערליכע קאָרעספאָנדענץ, דעם לייט-אַרטיקעל און נאָך פֿערשיעדענע אַרטיקלען. אָט האָט מען וויעדער געבראַכט אַבזאַצען. דזשאָאַנאַ האָט זיי אויפֿגעוויקעלט און דערזעהן זיין רעצענזיע.

נאָר אַזױ װי זײַן האַנדשריפֿט איז נאָך די זעצער נישט בעקאַנט געװען, איז דער אַרטיקעל פֿול געװען מיט גרײַזן, די זעצער האָבן איהם אַלץ איבערגעדרעהט, און ער האָט געמוזט אַלץ װעהר אױפֿמערקזאַם איבערלײענען און אױסבעסערן.

ענדליך איז די קאָרעקטור געװען געענדיגט. ריקאַרדאָ האָט נאָך אַ מאָל איבערגעלײענט דעם אַרטיקעל און איז אַלײן ערשטױנט געװען, װי קלאָר די שפּראַך איז, װי שען די אױסדריקען, װי־פֿיעל רײַכע געדאַנקען. ער האָט עס געלײענט, װי עס װאָלט געװען נישט זײַנע, נאָר עמיצענס אַ פֿרעמדע זאַך, און האָט געשמײכעלט בײַ דעם װודיגען הומאָר, בעמערקט אַ ביסעל אומעטיג די קראַפֿט און די ביטערקײט פֿון דער איראָניע.

— דזשאָאַנאַ, — האָט דער אַרײַנקומענדער רעדאַקטאָר צו איהם געזאָגט, — דאָס איז אײַער אַרטיקעל, װאָס איז אונטער־געשריבען גלאָקאָ?

— מײַנער.

— אַהאַ! — האָט דער רעדאַקטאָר מיט'ן קאָפּ אַ שאָקעל געטהון און איז אַרױסגעגאַנגען, נישט צוגעבענדיג מעהר קײַן װאָרט.

דערנאָך האָט ער װיעדער קאָרעקטירט שױן די צונױפֿגע־לעגטע זײַטען. און פֿאַר'ן דריטען בױגען איז ריקאַרדאָ, װי שטענ־דיג, אין די דרוקערײַ אַרײַנגעגאַנגען, כּדי דאָרט צו װאַרטען אױף איהם און נישט פֿערהאַלטען די קאָרעקטור. דער רעדאַקטאָר האָט געאײַלט און איז אין דער דרוקערײַ אַרומגעגאַנגען הין און צוריק. די צײַטונג פֿלעגט שטענדיג אַביסעל צו שפּעט ערשײַנען. זיך אומדרעהענדיג צו דזשאָאַנאַ'ן אין מיטען דער אַרבײַט, האָט ער געזאָגט צו איהם:

— װען איהר װעט װעלען, קאָנט איהר אין קאַסע פֿאַר אײַער אַרטיקעל געלד בעקומען, איך האָב בעשטימט צו צעהן סאַנטים די שורה.

— איך דאַנק אײַך...

צעשײדט האָבען זײַ זיך אײַנפֿאַך װי גלײַכע, װי חברים.

יענעם אָװענד איז ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ נישט אַרױסגעגאַנגען

27254

ווי געוועהנליך פון דער דרוקערײַ נאָך דער ארבײַט . ער האָט געוואַרט , ווען מען וועט אָבדרוקען די צײַטונג , אַבּטונג געגעבען, ווי די מאַשין אַרבײַט . פאַר זײַנע אויגען האָבען זיך אַרויסגעקוי-לערט פון איהר בויך די דאָזיגע טויזענדער נומערען , און געשיקטע הענד פון אַרבײַטערינס האָבען זײַ גלײַך צענויפגעלעגט .

— גיעב מיר דעם לעצטען נומער ! — האָט ריקאַרדאָ אַ מורמעל געטהון , ווען די מאַשין האָט זיך שוין אָבגעשטעלט .

דער גאַז איז אויסגעלאָשען געוואָרען . אין דער דרוקערײַ איז געוואָרען שטיל . די אַרבײַטער זענען אַוועקגעגאַנגען . אַלײַן מיט דער אײַנגעשלאָפענער מאַשין האָט ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ צו-געדריקט צו זיך דעם נומער פון דער צײַטונג און איבערגעלעבט אַ וואונדערבאַרען אויגענבליק . אַלץ אין איהם איז געווען אײַן לײַדענשאַפטליכע שטרעבונג צו עפעס און אַ מוראָ און בעוואוסט , זײַן פון זײַן קראַפט און מעכטיגקײַט . נאָר דאָס איז געווען נאָר אײַן אויגענבליק . זײַן לעבען איז בעשלאָסען געווען .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אויפ'ן צווייטען טאָג האָט דזשאָאַנאַ געזאָגט זײַנע חברים אין מיניסטעריום , אַז ער וועט שוין מעהר נישט אַרבײַטען צו-זאַמען מיט זײַ , ווײַל ער האָט חרטה געהאַט צו האַלטען די עקי-זאַמענס , און האָט זײַן טרײַען פערעהרער בראַנדי אַוועקגעפיהרט מיט איהם צו עסען אין אַ פראַכטפולען רעסטאָראַן אויפ'ן פלאַץ סאַן-קאַרלאָ . נאָכ'ן עסען , האַלטענדיג אַ האַוואַנאַ-ציגאַר אין מויל, האָט ער ווידער געעפענט די צײַטונג און איבערגעצעהלט , וויפיעל שורות אין זײַן אַרטיקעל איז דאָ .

— הונדערט צוויי און אַכציג שורות צו צעהן סאַנטים וויפיעל מאַכט עס אויס ?

— אַכצעהן ליררע צוואַנציג סאַנטים , — האָט דער טרײַער פרײַנד בראַנדי געענטפערט .

אַ שענע בלומען-פערקויפערין איז צוגעקומען . ריקאַרדאָ האָט געקויפט בײַ איהר בלומען , און ווען ער האָט , לויט בראַנדי'ס פערלאַנג , אויסגערעכענט , וויפיעל ער האָט דעם טאָג אויסגע-געבען , איז אויסגעקומען 18 ליררע פופציג סאַנטים .

בראנדי איז געווען ערשטיינט .

— צי איז עס נישט אלץ איינס , — האט ריקארדא א שמייכעל געטהון . — דאס געלד רעכענט זיך נישט .

ביידע האבען ביי׳ם צעשיידען זיך געלאכט אהן א שום סיבה׳ אין דער הויך , אין זיין קליינעם מעבלירטען צימערל , האט ריקארדא איבערגעלעבט דעם לעצטען געוויסענס־פארוואורף . ער האט זיך דערמאהנט די פערגאנגענהייט , די קינדהייט , די יונגע יאהרען . ער האט געקלערט וועגען זיין פייערליכען צוזאג , וואס ער האט זיין שטארבענדען פאטער געגעבען . איצט האט ער זיין ווארט געבראכען .

— א , פאטער , ווען דו וואלסט געלעבט , וואלסטו מיך איצט אליין פריי געמאכט פון דעם דאזיגען נדר , — האט ריקארדא שטאלץ א קלער געטהון . ער האט נישט חרטה געהאט און זיך אפילו נישט בעמיהט פערצייהונג צו בעטען .

און ער האט זיך נישט טועה געוועזן .

---

III.

## שמשון הגבור .

ריקארדא דזשאאנא האט געטראפען די מהיר אין קאנטאר פון דער צייטונג קוואזימאדא און זיך צעהוסט פון דעם שטויב , וואס האט זיך א הויב געטהון .

— גאט , וואס פאר א שטויב ! — האט ער אויסגעשריען .

דער משרת גרעגאריא , וועלכער איז שטענדיג אין א שלעפטער לוינע , מיט דער קעהר־בארשט אין האנד , האט נאר א מורמעל געטהון :

— וואס מעהר מען קעהרט , אלץ מעהר שטויב .

זיי זענען געשטאנען איינער געגען אנדערען , דער בלאסער אומעטיגער משרת און דער גלענצענדער מיטארבייטער דזשאאנא , וואס רעדאקטירט איין אבטיילונג פון דער צייטונג .

— דאָ בריעף פֿאַר מיר? — אין די שענע בלויע אויגען פֿונ'ם יונגען זשורנאַליסט איז געווען עפּעס אַזוינס מאַט-צוציהענדעס, שיער נישט אַ מין מיעדקייט.

— בריעף אַ גאַנצער באַרג, — האָט גרעגאָריאָ אַ מורמעל געטהון.

ריקאַרדאָ איז אַריינגעגאַנגען אין די רעדאַקציע.

אָט זענען די בריעף אינ'ם קעסטעל אויף זיין נאָמען. צו ערשט אַ געלער קאָנווערט מיט אַ רויטען בלעטעל אין איהם, וואָס מעלדעט, אַז מען בעט איהם איינצאָהלען מאָרגען ביז איינס דעם זעגער אין סאַוועלי'ס באַנק טויזענד לירע לויט זיין וועקסעל.

ריקאַרדאָ'ס געזיכט האָט זיך פֿערקרימט. און צו דעם פּיינליכען בעוואוסטזיין, אַז ער וועט מאָרגען נישט קאָנען בעצאָהלען די טויזענד לירע פֿאַר דעם דאָזיגען וועקסעל, איז נאָך צו געקומען די ערינערונג וועגען דער שענער קלעליאַ סאַוועלי, דעם באַנקירס פֿרוי.

אין די לעצטע ניין מאָנאַטען האָט ער שוין דריי מאָל פּראָלאָנגירט דעם דאָזיגען וועקסעל, בעצאָהלענדיג בעסער פּראָצענט, און אָט איז שוין דריי מאָנאַטען, ווי ער בעמיהט זיך אומזיסט צו ווערען דאָנאַ קלעליאַ סאַוועלי'ס געליעבטער. דאָס מאָל אָבער האָט דער פּראָצענטניק שוין מעהר נישט געוואָלט פּראָלאָנגירען דעם וועקסעל, נאָר בעקומען צוריק זיין קאַפּיטאַל. און דער וועקסעל איז איבערגעגעבען געוואָרען אין באַנק אַריין. דער פּראָצענטניק האָט נ יי ן געזאָגט, נאָר די שענע קלעליאַ, שטענדיג ראָזיג, שטענדיג לאַכענד, טיילמאָל צוציהענד, טיילמאָל אָבשטויסענד, האָט נישט געזאָגט נישט נ יי ן, נישט י אָ, זי האָט נאָר געלאַכט און איהם געפּייניגט.

ריקאַרדאָ האָט דורכגעזעהן די איבעריגע בריעף. איינינגע האָבען איהם געלויבט פֿאַר דעם לעצטען אַרטיקעל וועגען גט, אַנדערע האָבען איהם געזידעלט. מעהר געלויבט און איהם גערופֿען: בעריהמטער פּובליציסט. און דער דאָזיגער לויב, ווי אַ זיסע צערטליכקייט, האָט זיינע נערוועז בערוהיגט, נאָך אַלץ האָט עס איהם פֿערגניגען פֿערשאַפֿט.

אוים בערך־הםערב האָט ריקאַרדאָ געלאָזט אויפֿן טיש די בריעף מיט די לויב־ווערטער, כדי אַלע מיטאַרבייטער זאָלען זיי קאָנען לייענען, און האָט פֿערוואונדערט דורכגעקוקט דעם נעכ־טיגען נומער פֿון „קיואַזימאָדאָ”, וואָס איז איהם אין אַ קאָנווערט צוגעשיקט געוואָרען.

דאָס ערפֿאַהרענע אויג פֿון זשורנאַליסט האָט כמעט גלייך בעמערקט די מיט רויטען בלייפֿעדער אונטערגעשטריכענע אַנאָנסע וועגען דעם קאָנצערט פֿון טשעזי אום צוויי אוהר אין פּאַנטעאָן־זאַל. דושאָאַנאַ האָט פֿאַר פֿערגניגען אַ ציטער געטהון.

די דאָזיגע פּאָעטישע סיניאָראַ קאַטערינע האָט איהם אַזוי אַרום אַ ראַנדעוואו בעשטימט. עפּעס גאַנץ בעזונדערעס איז געווען אין דער דאָזיגער בלאַסער, פֿיינער פֿרוי מיט די אַראָבגע־לאָזטע אויגען און שטענדיג צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּען. זי האָט לייַדענשאַפֿטליך מוזיק געליעבט און האָט געשלאָגען, הערענדיג די מעכטיגע טענער פֿון בעטהאָווען, זיין דערביי האָט זי אינגאַנ־צען פֿאַר אויפֿרעגונג געציטערט. אין דער געזעלשאַפֿט האָט מען זי גערופֿען די הייליגע צעציליע.

— מען איז צו אייך פֿון פּיעראַנדזשעלי געקומען, — האָט גרעגאָריאָ געמעלדעט, — מיט אַ רעכענונג פֿון בלומען־מאַגאַזין.

ריקאַרדאָ האָט נאָר אונצופֿריעדען מיט דער האַנד אַ מאַך געטהון. ער האָט אַלץ געקלערט, וואו קאָן ער קריגען טויזענד לירע, כדי מאָרגען דעם וועקסעל צו צאָהלען. געלד האָט בכלל געפֿעהלט, מען מוז זעהן קריגען, און ער איז אַריינגעגאַנגען צום קאַסירער גאַעטאַנאָ גאַרדזשוליאָ.

גאַרדזשוליאָ האָט ווי שטענדיג שווייגענדיג געגרויבערט און איז ווי צוגעקלעבט געווען צו זיין שטוהל.

— ווי, די ציַיטונג הויבט זיך? — האָט איהם ריקאַרדאָ געפֿרעגט.

— יאָ.

— נו, טאָ גיעב מיר הונדערט לירע.

— איך קאָן נישט.

— וואָס הייסט „איך קאָן נישט”?

— גרויסע הוצאות... נאָר וואָס בעצאָהלט אַ וועקסעל צוויי טויזענד לירע.

— נעכטען האָסטו אויך בעצאָהלט אַ וועקסעל צוויי טויזענד לירע.

— נעכטען האָסטו אויך גענומען ביי מיר הונדערט לירע.

— האָט גאַרדזשוליאָ רוהיג געענטפערט.

— ביזט שוין געראָכט, ווי שטענדיג. גיעב הונדערט לירע.

— איך קאָן נישט. אַ פּאַפּיראָס, אויב דו ווילסט, נעהם דיר.

— נו, פופציג?

— אפילו צעהן וועל איך נישט געבען.

— חאַפּט דיך דער טייוועל! — האָט דזשאָאַנאַ ביז אויס־געשריען.

גאַרדזשוליאָ האָט אַקוק געטהון אויף איהם מיט זיינע העלע זינענלאָזע אויגען און גאָרנישט געענטפערט, נאָר יוען רי־קאַרדאָ איז שוין אויפ'ן שוועל געוועזען, האָט ער איהם צוריק גע־רופען: — דו האָסט איבערגעלייענט, וואָס דער סעקרעטאַר האָט צו דיר אָנגעשריבען אין זאַל אויפ'ן גריפעל־ברעט?

נישט ענטפערענדיג איז ריקאַרדאָ אַריינגעגאַנגען אין דעם בלומרשטען זאַל. ווייכע מעבעל אין שטרענגע דעקעס איז גע־ווען צונויפגערוקט צוזאמען. איינגעשלאָסענע לופט, דורכגעזאַפּט מיט רויך פון ציגאַרען. בערגלעך אש אויף די פערשטויבטע טי־שען און אויפ'ן פּיאַנינאָ. אין ווינקעל אַ גריפעל־ברעט, וואָס אויף איהר האָט דער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע די מיט־אַרבייטער פראַגען געשטעלט. נעבען יעדער פראַגע איז געשטאַ־נען אַ ענטפער. אויף דער ברעט איז געוועזען אָנגעשריבען:

— לאַמבערטי! דו גיעסט היינט אַ ארטיקעל וועגען אַפּ־גאַניסטאַן?

— ניין. מיין פרוי איז געלעגען געוואָרען. — לאַמבערטי.

— סקאַפּאָ, שרייב אָן אַ קליינעם אַרטיקעל וועגען דעם פערוואונדעטען שטיינער־העקער, פאָהר אַראָב צו איהם אין שפּיטאָל

— גוט. זאָל גאַרדזשוליאָ געבען געלד אויף אַ דראָזשקע. — סקאַפּאָ.

און אָט איז אויך פֿאַר ריקאַרדאָ'ן :

— דזשאָאַנאַ, אויב דו ווערסט זיך חאַטש אויף איין אויגענבליק בעפֿרייען פֿון די ווייבערשע קליידלעך, שמיר אָן אַ אַרטיקעל וועגען דער פֿירשטין פּיניאַטעלי, וואָס זינגט אין קאַפֿע-קאָנצערט.

ריקאַרדאָ האָט גענומען דעם גריפֿעל און אָנגעשריבען אַ ענטפֿער:

— איך האַלט פֿאַר איבעריג צו שרייבען וועגען דער פֿירשטין פּיניאַטעלי; איך וועל אום דריי אוהר געבען אַ אַרטיקעל וועגען דעם טשעזי-קאָנצערט.

און ער איז שטאָלץ אַרויסגעגאַנגען.

אויף די טרעפּ האָט ער דעם בריעף-טרעגער בעגעגענט.

— דאָ עפּעס פֿאַר דזשאָאַנאַ?

— גאָרנישט.

עפּעס האָט זיך ריקאַרדאָ איינגערעדט, אַז מען וועט איהם געלד צושיקען. צי אַ רייכע ירושה, צי אַ פּרעזענט פֿון אַ רייכען פֿערעהרער פֿון זיין טאַלענט... דאָס וואָלט איהם גערעטעט.

און ער האָט אַלץ געקלערט, ווי אונערטרעגליך עס איז, וואָס ער וועט מאָרגען נישט קאָנען בעצאָהלען דעם וועקסעל אין באַנק פֿון סאַוועלי, דאָנאַ קלעליאַ'ס מאַן, און ער איז איבער'ן קאָרסאָ געגאַנגען מיט אַ אַראָבגעלאָזטען קאָפּ. און ווען ער האָט דעם קאָפּ אויפֿגעהויבען האָט ער דערזעהן, ווי פֿאַר איהם בעוועגט זיך פּאַמעליך, פּאַמעליך די קאַרעטע פֿון דער גרעפֿין בעאַטריטשע סאַנטאַניפֿאַ. אָט האָט זי זיך אָבגעשטעלט נעבען קאַפֿע „ראָנצי און זינגער". דער נסיון נאָך אַ מאָל צו זעהן פֿון נאָהנטען די דאָזיגע עפֿעקטפֿולע פֿרוי איז צו גרויס געוועזען. ריקאַרדאָ איז אין קאַפֿע אַריין און געהייסען געבען אַ גלעזעל ווערמוט.

די גרעפֿין האָט שמייכלענדיג אויסגעקליבען געבעקס און פֿערשיעדענע זיסע זאַכען צו טהעע. זי האָט אַלץ פּרובירט און זיך ליעבליך בעלעקט מיט'ן ראָזיגען צינגעל, אַרויסשטעלענדיג בלענדענדע צייהן. און ריקאַרדאָ מיט אַ גלעזעל אין האַנד האָט פֿון איהר קיין אויג נישט אַראָבגעלאָזט, פֿערשטעהענדיג, אַז דאָס קאָקעטירט זי אַזוי פֿון ווינעטוועגען. פֿון געזיכט האָבען זיי

זיך גאַנץ גוט געקענט איינער דעם צווייטען, נאָר זיי זענען נישט געווען פֿאַרגעשטעלט, און די גרעפֿין האָט דעם זשורנאַליסט בעצייבערט, ווי זי האָט אָדער פֿ״ב״רט די זיסע געבעקסען אָדער אויסגעטרונקען מיט קליינע זופען אַ גלעזעלע מאַלאַגע, און דערביי האָט זי ליידענשאַפֿטליך די אויגען פֿערוואָרפֿען.

נאָר ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען איז אַלץ אַרום, וואָס האָט זיך נאָר וואָס ריקאַרדאָ'ן אויסגעוויזען אַזוי שען און רייצענד, פּלוצלונג געוואָרען קאַלט און פֿרעמד. ווידער האָט זיך זיין האַרץ צוזאַמענגעדריקט, ווידער האָט ער זיך דערמאָהנט אַלץ נישט אַנגענעהמע זאַכען. און ער איז פּאַמעליך געגאַנגען איבער קאָרסאָ, זוכענדיג עמיצען פֿון די גוטע פֿריינד, כּדי נישט צו פֿריהשטיקען איינער אַליין. קיין געלד איף פֿריהשטיק האָט ער נישט געהאַט, נאָר אין רעסטאָראַן „פּאַרלאַמענטאָ“ האָט מען איהם געשפּייזט אויף קרעדיט; ער האָט געקאָנט נישט צאָהלען אפילו צוויי וואָכען נאָכאַנאַנד. געהענדיג האָט ער זיך געטראָפֿען מיט סקאַפּאָ'ן — דעם הומאָריסט, און דזשאָאַנאַ האָט איהם פֿערבעטען אויף פֿריהשטיק.

אין רעסטאָראַן איז ריקאַרדאָ'ן נישט געפֿעלען געוואָרען דער מעניו — עפּעס אַלץ נישט דאָס!

— צי האָט איהר נישט עפּעס בעזונדערס? — האָט ער נאָכגעפֿרעגט דעם קעלנער.

דער קעלנער האָט פֿערצווייפֿעלט די הענד פֿערלעגט.

— נו, טאָ גיעט מיר דערווייל אויסטערן און קאַוויאַר, — האָט דזשאָאַנאַ בעשלאָסען, סקאַפּאָ האָט זיך ענטזאַגט פֿון כּיבוד, און דזשאָאַנאַ האָט איהם געמוזט איינרעדען; נאָר ווי ער האָט זיך גענומען צו'ם פֿריהשטיק האָט ער אָנגעהויבען פֿערזיכערען, אַז די אויסטערן זענען נישט פֿריש און אַז דער קאַוויאַר טויג צו גאָרנישט. אין האַרצען האָט סקאַפּאָ מקנא געווען דזשאָאַנאַ'ן, און ריקאַרדאָ האָט דאָס אין איהם דערקאָנט.

— פֿאַרוואָס זענט איהר מיר אַלע מקנא?

— ווייל אַלץ, וואָס דו שרייבסט, ווערט געדרוקט, דיך שעצט מען זעהר, דו פֿערדינסט צו פֿופֿציג ליר'ע פֿאַר אַ אַרטי-

קעל און שרייבען קאָנסטו יעדען טאָג. פאַרוואָס ניעסטו ניש צוויי אַרטיקלען אַ טאָג? איך אויף דיין אָרט וואָלט אונבעדינגט געקנאַקט צוויי.

— דו אויף מיין אָרט וואָלסט עס נישט געטהון, — ריקאַר דאָ'ס געזיכט איז פינסטער געוואָרען, — וויל דאָס איז נישט מעגליך.

פּויזע. סקאַפּאָ האָט מעהר נישט געוואָלט געניעסען די פיי־נע שפּייזען, וואָס דזשאָאַנאַ האָט זיך אויסגעקליעבען, נאָר דער קאַוויאַר, די אויסטערן און דער ווייסער ווין האָבען איהם צע־היצט און ער האָט זיך ווידער אָפענהערציג ערקלערט:

— איך לייען אָפּט, ריקאַרדאָ, דיינע שענע, מוטיגע אַר־טיקלען, און טראַכט, פאַרוואָס שרייב איך נישט אַזעלכע אַרטיק־לען? דו ביזט געראָכט, אַז מיין מאַרך איז מיר פערדאָרבען דורך דער דאָזיגער אייביגער פלוידעריי, וואָס איז געבויט אויף וויצען און גלייכווערטלעך!

ריקאַרדאָ האָט נאָר אַ שמייכעל געטהון. אין דעם משך פון די צוויי יאָהר האָט ער זיך שוין צוגעוואוינט צו אַזעלכע געשפּרע־כען און אזא שפּראַך.

ווען זיי האָבען די קאַווע אויסגעטרונקען, זענען זיי פון טיש אויפגעשטאַנען. ריקאַרדאָ האָט נישט בעצאָהלט דעם רעכענונג און כמעט נישט אַ קוק געטהון אויף איהם. ביי'ם אַרויסגעהן האָט ער נאָך אַ נעהם געטהון אויף באָרג אַ צוואַנציג האַוואַנער־ציגאַרען און אַ קעסטעל פּאַפּיראָסען און עס פאַרגעסען סקאַפּאָ'ן. דער פערביטערטער הומאָריסט האָט גענומען נאָר איין ציגאַר און פיער פּאַפּיראָסען און גלייך אָנגעהויבען פערזיכערען, אַז די האַוואַנער ציגאַרען קומען אַפילו נישט צו די נעאַפּאָלער.

עס איז געווען האַלב צוויי און ריקאַרדאָ איז געשטאַנען אונענטשלאָסען: צי זאָל ער פאָהרען אויפ'ן וואָהלטעטיגען באַ־זאַר, וואו עס איז געשטאַנען אַלס פערקויפערין די פּיקאַנטע מאַרקיזע טעקלאַ ספּאַראַ, אָדער זאָל ער שוין גלייך געהן אויפ'ן טשעזי־קאָנצערט. דער באַזאַר איז אויף וויאַ נאַציאָנאַלע... אַזוי וויים! און דער קאָנצערט איז אום צוויי אוהר... ווי ווען ער עס בע־

וויַיזען? נאָר דער פּריהשטיק און דער וויַין האָבען איהם אויפגערעגט; עס האָט זיך איהם אונבעדינגט געוואָלט דערזעהן די קאָקעטע מאַרקיזע מיט די רייצענדע אויגען און מוטינער שפּראַך זאָל ער נעהמען אַ עקיפּאַזש און אַ פֿאָהר טהון אויף אַ האַלבע שטונדע אויפ'ן באַזאַר? נאָר ווי וועט ער בעצאָהלען פֿאַר'ן עקיפּאַזש? — עט, נאַרישקייטען! ער וועט שוין ווי עס איז בעצאָהלען.

און דזשאָאַנאַ האָט זיך געזעגענט מיט סקאַפּאָ'ן און זיך געזעצט אין אַ קאַרעטע.

אָט איז דער באַזאַר. ריקאַרדאָ האָט דעם קוטשער געהייסען וואַרטען, — ער דינגט איהם „אויף שטונדען".

די מאַרקיזע האָט געהאַט צו שאַפֿען מיט דער לאָטעריע און האָט דעם זשורנאַליסט גלייך צוגערופֿען.

— ביטע אהער, דזשאָאַנאַ, נעהמט ביי מיר בילעטען.

ערשט איצט האָט ער זיך דערמאָהנט, אַז אויף אַזאַ פֿאַרשלאַג האָט ער זיך געמוזט ריכטען, נאָר ער האָט גלייך געפֿונען אַ אויסרעד:

— איך האָב שוין געגעבען נדבות.

— ניין, נעהמט, נעהמט בילעטען.

ער האָט זיך אויסגעדרעהט מיט וויצלעך, געשאָטען גלענצענדע שאַרפֿזיניגע ווערטער, און כדי זיין פֿערלעגענהייט צו בעהאַלטען האָט ער דעם געשפּרעך אומגעביטען:

— פֿאַרוואָס פֿאָהרט איהר ניט אויפ'ן טשעזי-קאָנצערט אַנשטאָט צו זיצען דאָ און זיך לאַנגווייליגען?

— איך האַלט פֿאַר איבעריג צו מאַכען פֿלירט אונטער די טענער פֿון מענדעלזאָהנס מוזיק.

— אייך געפֿעלט בעסער דער אָרקעסטער פֿון דאַנען?

— איך מאַך אינגאַנצען נישט קיין פֿלירט.

— ווירקליך? טאָ צו וואָס בין איך אהער געקומען?

— כדי מיך אויסצולערנען רעדען פֿרעכהייטען.

און דער קאָקעטעריע-קאַמפּף האָט זיך ווייטער געצויגען אין דעם זעלבען טאָן.

— צי וועל איך האָבען דאָס גליק אייך צו זעהן אויפ'ן

שפּאַציִער איִן דער ווילא באָרגהעזע ? — האָט דושאָאַנאַ געפרעגט בײַ'ם געזעגענען זיִך .

— איִך וועל קומען צו פאָהרען און וועל מיטבּרענגען מיִט זיִך פאַר אײַך הונדערט לאָטעריע־ביִלעטען .

— און איִן „אפּאָלאָ" ווּעלען מיִר זיִך זעהן הײַנט אָוועֶנד ?

— דושאָאַנאַ, איִהר וויִלט מיִך ווײַזט אוּים וויִרקליִך פערפיִהרען וויִ אַ אונערפאַהרענע מײדעל ?

— איִהר האָט געטראָפען וואָס איִך מײן, — האָט ריִקאַר־דאָ געענטפערט גאַנץ ערנסט .

— היִט בעסער אײַער רעפּוּטאַציע, איִהר וועט זיִך איִן מײַן געזעלשאַפט שרעקליִך קאָמפּראָמיִטיִרען .

— איִך האָב שוין ניִשט וואָס אָנצווועהרען ! — ער האָט פערצווייפעלט מיִט דער האַנד אַ מאַך געטהון און אַרויסגעגאַנגען.

„די מאַרקיִזע האָט זיִך אָנגעשטויסען, אז איִך האָב קײן גראָשען ניִשט איִן קעשענע", — האָט ריִקאַרדאָ מיִט שרעק אַ קלער געטהון, שוין זיִצענדיִג איִן דער קאַרעטע, און אַ קעלט איִז איִהם איִבער'ן רוקען דורכגעלאָפען . ער האָט נאַר וואָס איִבער־געלעבט אויף דעם דאָזיִגען באַזאַר די ערנסטע מיִנוטען און האָט אַזוי געציִטערט פאַר פערדרוס און שאַנדע . אָ, ווי ער האָט זיִך געשעמט מיִט זײַן אָריִמקײַט . ווי ער האָט זיִך בעמיִהט זי צו בעהאַלטען , און דאָך האָט זי זיִך שטענדיִג אַרויסגעוויִזען . זײַן אַפּעטיִט איִז פון טאָג צו טאָג אַלץ גרעסער געוואָרען . וואָס פאַר אַ ווערט קאָן האָבען פאַר איִהם , פאַר זײַן געשמאַק , אַ טויזענד ליִרע מאָנאַטליִכעם פערדיִענסט ? כמעט יעדען אָוועֶנד האָט ער אויסגענעבען פונפציִג ליִרע, און ווי לײַכט דאָס האָט זיִך אויס־געגעבען . יאָ, אויסגעגעבען איִז גאַנץ לײַכט , נאַר ווי שווער קומט עס אָן אָנצושרײַבען אַ אַרטיִקעל, כדי צו פערדיִענען די דאָזיִגע פונפציִג ליִרע .

„די דאָזיִגע קאָקעטען קענען גאָרניִשט דאָס לעבען ! די מאַרקיִזע האָט נאַטיִרלך גאָרניִשט פערשטאַנען", האָט זיִך ריִקאַר־דאָ פּלוצלונג בערוהיִגט, קלערענדיִג אַלץ וועגען באַזאַר , און איִז אַרײַן איִן קאָנצערט־זאַל .

אַ וואַרימע לופט האָט איהם אַרומגענומען, אַ לופט, וואָס איז געוועזען אָנגעזאַפּט מיט דעם אַראָמאַט פון שמעקענדע פרויען־קערפּער. מיט ציטערנדע נאָזלעכער האָט ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ מיט פערגניגען איינגעעטעמט אין זיך די דאָזיגע לופט, און אַ פאָלשטענדיגע צופריעדענהייט האָט זיך איבער זיין געזיכט צעגאָסען. ער האָט זיך פאָרזיכטיג דורכגעשטופּט צו זיין אָרט מיט'ן הוט אין דער האַנד, עלעגאַנט, שען, און פיעל פרויען־קעפּלעך האָבען זיך אומגעדרעהט צו איהם, אַ בעגייסטערט שעפּטשען האָט איהם בעגלייט, ווי שטענדיג און ווי אומעטום. ער האָט געהערט, ווי זיין נאָמען ווערט פון מויל צו מויל וויעדערהאָלט: „אָט איז דזשאָאַנאַ!“

ריקאַרדאָ האָט זיך אויף זיין שטוהל געזעצט און אָנגעהויבען זוכען דאָנאַ קאַטערינאַ'ן. זי איז געזעסען גאָר נאָהנט נעבען איהם. ער האָט אָנגעשטעלט אַ שאַרפען בליק אויף די דאָזיגע שטרענגע ברונעטין מיט די אַבוועזענדע כמעט טריבע אויגען, און האָט אין דעם דאָזיגען בליק אָנגעשטרענגט זיין גאַנצע קראַפט אויך אַזוי מעכטיג, ווי ער האָט אין קאַפּע אָנגעקוקט די גרעפין סאַנטאַנינפאַ. איהם איז טייער געוועזען בכלל די פרוי און יעדע פרוי האָט איהם גלייך אינטערעסירט, יעדע האָט איהם אויף איין אויגענבליק בעהערשט, ער האָט יעדע געליעבט און געגלוסט מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין וועזען.

טשעזי האָט געשפּיעלט צווישען אַ פאָלשטענדיגער עהרפורכטיגער שטילקייט. און דאָנאַ קאַטערינאַ ספּינאָלאַ, דעם קאָפּ איינגעבויגען אין דעם ריעזיגען שוואַרצען הוט מיט די שטרויס־פעדערען, האָט געהערט מיט אַ אונבעוועגליך געזיכט, מיט אונבעוועגליכע אויגען. ווי קושען דאָס איהרע לעבלאָזע ליפּען, וואָס קאָנען נישט לאַכען? וואָס טהוט זיך אין די מאָמענטען פון ליעבעס־עקסטאַז מיט די דאָזיגע אויסגעלאָשענע אויגען, וואָס ציהען צו מיט זייער געהיימניספולקייט? ווען טשעזי האָט געענדיגט שפּיעלען און זיך גענייגט פאַר'ן אַפּלאָדירענדען פובליקום, האָט זי זיך נישט אומגעדרעהט צו דזשאָאַנאַ'ן, פונקט ווי זי וואָלט איהם אַפילו נישט בעמערקט. ריקאַרדאָ האָט אָנגעהויבען בייז צו ווערען אויף

איהר פֿאָלשטענדיגע גלײַכגילטיגקײַט און אונאױפֿמערקזאמקײַט צו איהם.

צו וואָס זשע האָט זי איהם געשיקט די צײַטונג, וואו זי האָט מיט אַ רויטען בלײַפֿעדער אונטערגעשטראָכען די אַנאָנסע וועגען קאָנצערט? דערמיט האָט זי דאָך איהם אַ ראַנדעוואו בעשטימט און נאָך מעהר, — זי האָט זיך איהם כמעט אין ליעבע ערקלערט. און איצט זיצט זי ווי אַ טוידטע...

אויסנוצענדיג דעם אַנטראַקט צווישען די פּיעסען האָט ריקאַרדאָ זיך געזעצט הינטער דאָנאַ קאַטערינאַ און צו איהר שאַרף געזאָגט:

— נו, איז וואָס?

— וואָס אַזוינס? — האָט זי געפֿרעגט, זיך נישט אומדרעהענדיג און אַפילו נישט ווערענדיג פֿערלעגען.

— גאָרנישט — האָט ער בעלעדיגט געענטפֿערט, און אַ שלאָכצען האָט איהם שוין געשטיקט, אויף די אויגען זענען איהם טרעהרען אָנגעלאָפֿען. ער האָט ווירקליך געליטען פֿון איהר גלײַכגילטיגקײַט.

און טשעזי האָט געשפּיעלט די אַריע פֿון פּערגאָלעזע וועגען דעם, ווי נינאַ איז פֿון ליעבע געשטאָרבען, און די נאָטען האָבען געוויינט מיט אַ לײַדענשאַפֿטליכער בענקשאַפֿט.

— קאַטערינאַ! — האָט ריקאַרדאָ פֿערצווייפֿעלט געזאָגט שטילערהייד, און אין זײַן שטימע איז געווען אַזוי פֿיעל שמערץ, אַז זי האָט בעריהרט די טיעפֿסטע זאַיטען אין דער פֿרוי׳ס האַרצען, און זי האָט נאָכגעגעבען, — שטילערהייד, נישט אומדרעהענדיג זיך האָט זי געזאָגט:

— נאָכ׳ן קאָנצערט אין דער קירכע פֿון הײליגען פּעטרוס.

אַרויסגעהענדיג פֿון קאָנצערט האָט דזשאָנאַ דערזעהן זײַן געדונגענע קאַרעטע. זי האָט געוואַרט אויף איהר. איין אויגענבליק איז איהם דורכגעפֿלויגען אַ אונאַנגענעהמער געדאַנקען, אַז ער האָט נישט מיט וואָס צו בעצאָהלען, נאָר ער האָט איהם אָבגעטריבען, די פֿאַנטאַזיע האָט איהם שוין אַוועקגעטראָגען אין די קירכע פֿון הײליגען פּעטרוס, ער האָט אַרויסגעריסען אַ בלעַ-

טעל פֿון זײַן נאָטיץ-ביכעל און אָנגעשריבען צו׳ם סעקרעטאַר פֿון דער רעדאַקציע:

„בעסטער קאַרלאָ, וועגען טשעזי-קאָנצערט וועל איך ניכט געבען. איך וועל זײַן אין דער רעדאַקציע אום פֿינף אוהר און וועל געבען וועגען דער גאָטעס-דיענסט אין דער קירכע פֿון הייליגען פּעטרוס. אויף ווידערזעהן. ריקאַרדאָ“.

ער האָט זיך ניכט געוואַגט אַליין אין די רעדאַקציע אַרויפצוגעהן און האָט פֿאַרבײַפֿאָהרענדיג איבערגעגעבען דאָס צעטעל דעם לאָקאַי, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען צוצואײַלען דעם קוטשיר, ער האָט געברענט פֿאַר אונגעדולד וואָס גיכער צו זײַן אין דער קירכע.

די פֿרישע האַלב-פֿינסטערניש פֿון דער ריעזיגער באַזיליק האָט איהם מיט אַ מאָל בערוהיגט. דאָנאַ קאַטערינאַ ספּינאָלאַ האָט ער בײַ׳ם אַרײַנגעהן ניכט דערזעהן. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך, פֿאָרזיכטיג, מיט עהרפֿורכט, און פּלוצלונג האָט ער בעמערקט בײַ׳ם געצעלט פֿון איינעם פֿון די פּאַפּסטען אַ פֿינסטערע פֿיגור שטעהענדיג אויף די קניע, און ער האָט זי דערקענט. ער האָט איהר געבעט ניכט איבערגעריסען, ניכט אָנגערופֿען זי בײַ׳ם נאָמען, נאָר זיך געשטעלט נעבען איהר. זי האָט גוט געפֿיהלט, אַז דאָס איז ער, נאָר זי האָט ווײַטער מתפּלל געווען, און גאַנץ לאַנג איז זי פֿון די קניע ניכט אויפֿגעשטאַנען. דערנאָך איז זי אויפֿגעשטאַנען און צוזאַמען מיט איהם געגאַנגען.

זיי האָבען בעטראַכט די מאָנומענטען און געשמועסט.

— צו גרויס איז די דאָזיגע קירכע!

— דאָ איז אַזוי קאַלט! — זי האָט אַ ציטער געטהון און זיך אײַנגעהילט אין איהר שוואַרצער סאַמעטענער מאַנטיליע.

— און פֿון דעסטוועגען בעט איהר דאָ אויך גאָט?

— איך בעט גאָט אומעטום.

— וואָס זשע רעדט איהר צו גאָט?

— אַלץ.

— זאָגט מיר אויך אַ ל ץ!

— ניין.

— אויב אַזוי, וואָס זשע ווילט איהר פֿון מיר?

— איך וויל גאָרנישט.

נאָך די ראָזיגע עטליכע פראַזען זענען זיי ביידע פערשוויגען געוואָרען זי איז פונקט ווי פערפרוירען געוואָרען, זי האָט זיך דערשראָקען פאַר דאָס, וואָס זי האָט שיער נישט אָבגעטהון. ער איז געווען בעלעדיגט אַלס מאַנס-פערזאָן און האָט געצאָרענט, פאַר־וואָס זי האָט איהם אין אַזאַ נאַרישע לאַגע געשטעלט. און עס האָט זיך איהם געוואָלט מיט דער פּוס אַ טופּע טהון, אָנהויבען שרייען, די קליידער צערייסען אויף דער דאָזיגער פרוי, וואָס האָט איהם מיט איהר קאַלטקייט אויסגעפייניגט, נאָר ער האָט זיך איינגעהאַל־טען און ווייטער געפיהרט דעם באַנאַלען העפליכען שמועס.

— אייך געפעלט פערגאָלעזע'ס אריע וועגען דער פון ליעבע שטאַרבענדער נינאַ? — זיין שטימע האָט קאַלט געקלונגען.

— געפעלט מיר זעהר! — זי האָט שאַרף אויף איהם אַ קוק געטהון מיט איהרע מערקווירדיגע אויגען. — איך פערשטעה איהר שמערץ.

— איך גלויב נישט! — האָט זיך ביי איהם איראָניש אַרויס־געכאַפּט.

— אַדיע, איך מוז שוין געהן.

— אַדיע.

זי איז אַוועקגעגאַנגען, זיך קיין איין מאָל נישט אומדרעהענדיג און זין' אַפּילו נישט איבערגעצלמ'ט. און ריקאַרדאָ, אונצופריעדען מיט איהר און מיט זיך, בייז אויף אַלע פרויען בכלל, איז איהר אַפּילו נישט נאָכגעגאַנגען און איז אַ קורצע ווייַלע גע־בליבען איינער אַליין אין דער אונגעהויערער קירכע.

ווען ער האָט די וואַרטענדע קאַרעטע דערזעהן, האָט איהם ערגעץ אינוועניג אַ וועהטאָג געכאַפּט. פונקט ווי אַ וואונד וואָלט זיך געעפענט און ווידער אָנגעהויבען נאָגען.

— וואוהין בעפֿוילט איהר איצט? — האָט דער קוטשער בעפרעגט.

— פאָהרט... אין קאָרסאָ. און יאָגט נישט, איך אייל זיך נישט.

ער האט גערויכערט א האוואנא-ציגאר און זיך געפייניגט מיט דער פראגע, ווי וועט ער פאר די קארטע בעצאהלען. עס קומט שוין מינדעסטענס זיעבען לירע און דאס מוז ער גלייך האבען, נאר פון וואנען זאל ער נעהמען?

ריקארדא האט פערצווייפעלט אויף די זייטען געקוקט. זיעבען לירע, זיעבען לירע... און דער דאזיגער שונא דער קוטשער, אט זיצט ער דא, פאר די אויגען... דער צארן אויף די הארצלאזע קאטערינא ספינאלא האט ווידער אין זיין הארצען אויפגעברענט. צוליעב איהר איז ער געפאהרען אין די קירכע פון הייליגען פעטרוס און אזוי לאנג די קארטע אבגעהאלטען. וואו וועט ער איצט נעהמען די זיעבען לירע?

אין שמאלען געסעל טארדינאנא האט ער זיך געמוזט אבשטעלען. צו דעם מאגאזין פון א אנטיקוואריוס איז צוגעפארען א אריסטאקראטישע קארעטע און האט די גאנצע גאס פערשטעלט. די דאמע, וואס איז אין עקיפאזש געזעסען האט עפעס שארף און שנעל צו'ם סוביעקט גערעדט. זי האט זיך אומגעדרעהט און ריקארדא האט דערקענט דאנא קלעליא סאוועלי, דעם באנקירס פרוי.

א קאלטער שמייכעל, א פריינדליכע בעגריסונג... ער איז פון עקיפאזש ארוים און צו איהר צוגעגאנגען.

דאנא קלעליא האט ווי שטענדיג בעצויבערט מיט איהר פריינדליכקייט; זי האט פיין דערצעהלט איהרע אלע געשעפטען בסוד גדול: איהר מאן איז אזוי גוט געווען, ער האט איהר ניט לאנג געשענקט א אנטיקען טראג-שטוהל, וועגען וועלכען זי האט שוין פון לאנג געטרוימט. אח, וואס פאר א אידעאלער מאן! דער טראג-שטוהל איז דאך שוין אלט העכער צוויי הונדערט יאהר, ער איז פראכטפול. זי וועט אין איהם איינזעצען אויף אבצוקומען זייער שטראף די אלע, וואס בעזוכען זי זעלטען. איבריגענס, ריקארדא האט דערפאר ניט וואס מורא צו האבען, ער איז איינער פון איהרע טייערסטע פערעהרער, און זי שעצט דאס זעהר. און דעם מאן האט זי בעשלאסען אבצוצאהלען מיט גוטס פאר גוטס, און זי וויל איהם שענקען א אנטיקען מורישען שווערד אויף צו בעציערען דעם שרייב-טיש. וואו קאן זי געפינען אזא שווערד?

— בײַ בערעטאַ זענען פֿערהאַן אַנטיקע יאַפּאַנישע שווערדען.

— אויסנעצײַכענט, פֿאָהרט גלײַך צו בערעטאַ, דזשאָאַנאַ, וועלען מיר צוזאַמען אויסקלײַבען.

— איך דאַרף אײַגענטליך באַלד אין רעדאַקציע זײַן. — ריקאַרדאָ האָט שוואַך אַ שמײַכעל געטהון.

— איהר וועט נאָך בעווײַזען, דאָס איז נישט וויכטיג. איך וואַרט אויף אײַך בײַ בערעטאַ!

און אָבפֿאָהרענדיג האָט זי איהם גראַציעז מיט׳ן קאָפּ אַ שאָקעל געטהון.

דער אַנטיקוואַריוס האָט דעם זשורנאַליסט פֿאָרגעלעגט פֿערשיעדענע טײַערע זאַכען. ריקאַרדאָ האָט נישט געהערט וואָס ער רעדט. ער איז ווידער געווען אינגאַנצען אונטער דער מאַכט פֿון דער בעצויבערנדער דאָנאַ קלעליאַ און האָט געאײַלט צו פֿאָהרען אין בערעטאַ׳ס מאַגאַזין.

נאָר בײַ בערעטאַ איז איהם אויסגעקומען צו וואַרטען אויף דאָנאַ קלעליאַ, זי איז ווײַזט אוים נאָך ערגעץ פֿערפֿאָהרען, און דזשאָאַנאַ האָט נישט געוואוסט וואָס זאָל ער טהון. דער וואַנד-זײַגער האָט אויסגעשלאָגען האַלב זעקס, אין מאַגאַזין האָט מען דעם גאַז אָנגעצונדען.

— וואָס ווינשט איהר? — האָט איהם געפֿרעגט בערעטאַ׳ס טאָכטער, אַ מיניאַטורע, צאַרטע פֿרײַלין.

— ווײַזט מיר... — ער האָט זיך פֿערהאַקט, — טהעקעסטלעך.

און ער האָט בעטראַכט שענע יאַפּאַנישע קעסטלעך מיט בעציערונגען. וויפֿיעל פֿאַנטאַזיע אין די בילדער. ווי אַלץ איז אָריגינעל און שען! און ער האָט קײַן אײנע פֿון זײ נישט געקאָנט קויפֿען, חאָטש ער האָט אַלע גענוי בעטראַכט.

— גוטען אָוועגד, דזשאָאַנאַ, — האָט איהם פֿרײַנדליך בעגריסט דאָנאַ קלעליאַ׳ס בעצויבערנדע שטימע, און זי האָט זיך געזעצט נעבען איהם, זיך צוגרײַטענדיג אויסצוקלײַבען אַ שווערד.

וויפֿיעל שענהײַט איז געווען אין דעם דאָזיגען קלײַבען! זײ האָבען זיך שטיל געשמועסט, בײדע צוזאַמען געהאַלטען אײן זאַך.

ער האָט געפֿיהלט די דאָזיגע פֿערפֿיהרעריש-שענע פֿרוי אַזוי נאָהנט נעבען זיך. דערנאָך האָבען זײַ פֿערלאַנגט פֿאַנטאַסטישע יאַפּאַנישע מאַטעריאַלען מיט טײַערע אויסגעהעכטסען. די פֿערשידענע זײַדענשטאָפֿען פֿון אַלערלײַ פֿאַרבען מיט די מערקווירדיגסטע צוזאַפּאַסונגען האָבען איהם פֿערשיכּור'ט, דעם קאָפּ צעמישט צוזאַמען מיט דער נאָהנטקײַט פֿון דאָנאַ קלעליאַ.

ווידער האָט זײַן פֿאַנטאַזיע אויפֿגעשוועבט ערגעץ ווײַט. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער איז אַ מעכטיגער הערשער אין אַ וואונדערבאַרען, פֿון זון בעשטראַהלטען לאַנד. דאָס איז זײַן פּאַלאַץ, אין פּאַלאַץ זענען פֿערזאַמעלט אַלע אוצרות פֿון דער וועלט, נעבען איהם — די געליבטע פֿרוי, זײַן ליעבע, און די שקלאַפֿען פֿערווײַלען זײַ, שפּרײַטען פֿאַר זײַ אויס די טײַערע געוועבען, וועלכע ער קלײַבט פֿאַר איהר אַ מתּנה אויס...

— אַדיע, דושאָאַנאַ, איך מוז שוין געהן, — האָט פֿרײַנדליך דורכגעקלונגען איהר בעצויבערנדע שטימע, און איהר קלײַן הענדטעל האָט צאַרט זײַן האַנד געדריקט.

ווידער איז ער אַלײַן אויף דער קאַלטער, פֿינסטערער גאַס. דער שענער טרוים איז צעשוואומען.

— וואוהין בעפֿיהלט איהר איצט? — האָט זיך גלײַכגילטיג אומגעדרעהט צו איהם דער זעלבער הענקער — דער קוטשער.

דאָס האַרץ האָט זיך איהם צוזאַמענגעדריקט אויפֿ'ן טרעפּעל פֿון דער דאָזיגער געדונגענער קאַרעטע. ריקאַרדאָ האָט זיך געפֿיהלט אַזוי עלענד, אַזוי אונגליקליך, אָהן אַ שיעור אונגליקליך. וואוהין פֿאָהרען? ער האָט אַלײַן נישט געוואוסט וואוהין, און צי איז עס נישט אַלץ אײַנס...

— וואוהין בעפֿיהלט איהר? — האָט דער קוטשער ווידער געפֿרעגט.

איצט איז ער שוין דעם דאָזיגען קוטשער שולדיג וועניגסטענס צעהן לירע. וויפֿיעל שטונדען פֿאָהרט ער שוין מיט איהם?... און די צײַט איז געלד.

— פֿאָהרט אויף פּלאַץ קאָלאָנאַ.

מען מוז געלד שאַפֿען, פֿערדינען, כּדי דעם קוטשער צו

בעצאָהלען. ער וועט אין דער רעראַקציע אָנשרייבען אַ אַרטיקעל וועגען יאַפּאַן, זיך וויעדער אַריבערטראָגען אין זיין וואונדערבאַרען פאַנטאַסטישען טרוים.

— וויפיעל קומט פאַר'ן פאָהרען?

— פאַר זעקס שטונדען צוועלף לירע פונפציג סאַנטים.

— איך שיק גלייך אַראָב.

און ריקאַרדאָ איז אַזוי שנעל אויף די טרעפ אַרויפגעלאָפען, אַז ער האָט זיך זאָגאַר אָנגעשטויסען מיט'ן אַראָבגעהענדען סעקרעטאַר.

— זעהר פיין פון דיר! — האָט איהם יענער פאָרגעוואָרפען. — וועגען פיניאַטעלי קיין אַרטיקעל נישט געגעבען, וועגען טשעזי'ס קאָנצערט אויך קיין וואָרט, און וועגען גאָטעס-דיענסט אין דער קירכע — גאָרנישט.

— איך ניעב גלייך אַ אַרטיקעל וועגען יאַפּאַן.

— שפּעט. די צייטונג איז שוין אין דרוק.

— גאַרדשוליאָ, גיעב פונפציג לירע, — האָט ריקאַרדאָ אין אַ מינוט אַרום דעם קאַסירער געבעטען. נאָר יענער האָט איהם געלייענט אַ גאַנצען מענה-לשון און שאַרף ענטזאָגט.

— גיבער, גאַרדזשוליאָ, איך מוז דעם קוטשער בעצאָהלען.

— כסדר נאָר דו יאָגסט זיך אַרום נאָך פרויען, דעריבער האָסטו קיין געלד נישט.

— נישט איך נאָך זיי, נאָר זיי נאָך מיר...

מיט גרויס מיה איז איהם געלונגען אויסצובעטען בי'ם קאַסירער פינף און דרייסיג לירע; ער האָט געשוואָרען, אַז ער גיעט זיין אייגען געלד.

ער האָט דעם קוטשער געמוזט בעצאָהלען פיערצעהן לירע, כדי נישט צו געבען די אונגליקליכע צאָהל דרייצעהן. ריקאַרדאָ איז געווען אַבערגלויביש. דאַן איז נאָך עפּעס איבערגעבליבען אויף מיטאָג. די קליינע צרה איז בעזייטיגט געוואָרען, — ער האָט דעם קוטשער בעצאָהלט, נאָר די גרויסע צרה האָט זיך אָנגערוקט און די ברוסט געדריקט. — וואו שאַפט מען טויזענד לירע, כדי מאָרגען דעם וועקסעל צו בעצאָהלען? און אויף די העל בעלויב-

טענע גאַסען זענען פֿערהאַן אַזוי פֿיעל שענע מאַגאַזינען, אַזוי פֿיעל גלענצענדע ברילאַנטען, אַזוי פֿיעל לוקסוס-זאַכען; אַח, ווי ליעב האָט ער דעם דאָזיגען לוקסוס! פֿרויען ארומגערינגעלט מיט לוקסוס!... אַ שענער טרוים. און אין זיין געדאַנקען איז פּלוצלונג ארויפֿגעשוואומען נאָך איין פֿרוי, די פּאָעטישע עדזע מאַריע, מיט פּאַנאַנדערגעלאָזטע בלאָנדע האָר, בעפּוצט שטענדיג מיט מאַי-בלומען.

— מען דאַרף איהר שענקען מאַי-בלומען, — האָט ריקאַרדאָ פּלוצלונג פֿאַר זיך בעשלאָסען און זיך געלאָזט געהן צום בלומענ-פֿערקויפֿער פּיעראַנדזשעלי, נאָר ער האָט זיך בעצייטענס דערמאָהנט, אַז ער האָט זיך שוין דאָרט צופֿיעל פֿערשולדיגט... ער האָט געמוזט בעזוכען אַלע קלענערע בלומענ-הענדלער און קוים מיט מיה בעקומען אַ קליינעם בוקעט פֿון מאַי-בלומען פֿאַר צוויי ליר.

אַהיים, זיך איבערטהון! ער מוז אין פֿראַק זיין אין „אַפּאָלאָ" און אויפֿ'ן אָוונד ביי סאַוועלי. ער איז דאָך דער ליעבלינג פֿון די פֿרויען, דער שטענדיג עלעגאַנטער, מאָדערנער פּאָעט. אָט איז זיין צימער, אַ קאַלטער, אַ פֿינסטערער. די ווירטין איז איהם אַקעגען ארויסגעקומען.

— מען האָט געבראַכט פֿון דער וועשין מיינע שטייפֿע העמדלעך צום באַל-אַנצוג?

— יאָ, דאָרט אויפֿ'ן בעט ליעגט פֿינף אָדער זעקס, איך האָב אַליין איבערגעלעגט.

ריקאַרדאָ האָט זיי בעטראַכט מיט אַ ליבע אין דער האַנד. אַלע טויגען ניט. — שוין פֿון דער מאָדע אַרויס, צעריסענע.

— סיניאָראַ ראָזאַ, וואָס זשע זאָל איך טהון? — דזשאַאַנאַ האָט פֿערצווייפֿעלט אין די הענד אַפּאַטש געטהון און בעטענדיג אויף די ווירטין געקוקט.

— יאָ, די העמדער וועלען שנעל אָבגעטראָגען, ווייל מען וואַשט זיי שטענדיג מיט דעם דאָזיגען פֿערפֿלוכטען קראָכמאַל; עס פֿרעסט אויף דעם לייוואַנד... מען קאָן אונטערשניידען אויף די מאַנשעטען די דאָזיגע פֿראַנזען! און צו וואָס דאַרפֿט איהר

שוין אַ נײַע העמד, איהר טראָגט דאָך נאָך גאָר אַ רײַנע.

ריקאַרדאָ האָט ווידער פֿערצווייפֿעלט מיט דער האַנד אַ מאַך געטהון.

— אונמעגליך?

— איך וואָלט אײַך גערן געגעבען דעם מאַנס אַ העמד נאָר עס וועט נישט גוט זײַן אויף אײַך; ער איז דאָך אַ דיקער...

— סיניאָרא ראָזאַ, טהוט מיר אַ טובה, קויפֿט מיר גלײַך אַ העמד בײַ דעֶ פֿאַאָלים אויף קאָרסאָ, אָט האָט איהר אַ מאָס און אַכט לירע פֿונפֿציג סאַנטים.

די ווירטין איז גלײַך זעהר גערן געלאָפֿען ערפֿילען די שליחות. און ריקאַרדאָ האָט זיך צוגערייט אַ קראַוואַט, הענד־שקעס, אַ נאָז־טיכעל, און האָט דורכגעוואָרפֿען זײַנע אַלע קעסט־לעך, וואָס זענען געווען פֿול מיט טואַלעט־געגענשטאַנדען. וויפֿיעל אוננויטיגע זאַכען, וואָס האָבען אַ מאָל אַזוי טײַער געקאָסט!

אַ קלײנעניש האָט איהם געגאָגט. קײן געלד אויף מיטאָג אין רעסטאָראַן האָט ער נישט געהאַט, בסך הכל איז איהם געבליבען צעהן לירע און קלײנגעלד, — קוים קוים אויף אַ דראָזשקע. נאָר עפּעס עסען מוז מען... און סוף כל סוף האָט ער זיך בעשלאָסען אַראָבשרײַען פֿון באַלקאָן צו'ם לאָקאַי פֿונ'ם קלײנעם רעסטאָראַן געגענאיבער, ער זאָל איהם אין צימער אַרײַן אַ מיטאָג ברענגען. פּראָסטע, פֿעטע שפּײַזען, שלעכט געקאָכט און שלעכט דערלאַנגט...

מיט וואָס פֿאַר אַ עקעל ער האָט זײ געגעסען נאָכדעם ווי ער האָט פֿאַר'ן מיטאָג פֿאָראויס בעצאָהלט צוויי לירע פֿונפֿציג סאַנטים און צוואַנציג סאַנטים טרינקגעלד.

די ווירטין איז צוריק געקומען און האָט שטראַהלענדיג איהם דערלאַנגט אַ עלעגאַנטע העמד.

— אין דער הײם האָט איהר געגעסען? אפשר אויפֿקאָכען אײַך קאַווע?...

אויך די דאָזיגע פֿרוי איז, ווי אַלע אַנדערע, געווען פֿרײַנד־ליך צו איהם.

אָט איז ער שוין אָנגעקלײדט, קאָרעקט, עלעגאַנט, העלדיש...

— אים גאָטעס ווילען, סיניאָרא ראָזאַ, נעהמט צו פון דאַ-
נען די פּעטע טעלער.

— איך נעהם שוין צו, שוין. טרינקט קאַווע! ווי שען איהר
זענט היינט! איהר ווילט אַ קוק-טהון אויף זיך אין מיין שפּיע-
געל-שאַפע?

זי האָט איהם אהין בעגלייט און דערמאָהנט, ער זאָל גאָר-
נישט פערגעסען. מעכאַניש האָט ער זיין געלד-טאַש געעפענט און
דערזעהן אין איהם פון איין זייט די לעצטע זיעבען לירע, פון
דער אַנדערער זייט — דאָס רויטע בילעטעל מיט דער מעלדונג
פון סאַוועלי'ס באַנק. ווידער האָט זיך איהם דאָס האַרץ צונויפ-
געדריקט. ער האָט אין געדאַנקען בערעכענט, וויפיעל שטונדען
עס איז געבליבען ביז מאָרגען מיטאָג — דער לעצטער טערמין
צו'ם צאָהלען. אין די דאָזיגע פונפצעהן שטונדען מוז ער שאַפען
טויזענד לירע, אָדער דער וועקסעל מיט זיין אונטערשריפט וועט
פּראָטעסטירט ווערען.

„סלוינט נישט צו קלערען! האָטש דעם אָוונד פערברענ-
גען אין פערגניגען נאָך אַזאַ פּיינליכען טאָג". און ריקאַרדאָ האָט
זיך ווידער אריינגעלאָזט אין טרוימען וועגען פרויען.

— היינט איז נישטאָ קיין פאָרשטעלונג, — האָט זיך אומ-
געדרעהט צו איהם דער קוטשער. ווען זיי זענען צוגעפאָהרען צו'ם
פינסטערען טעאַטער, — וואוהין בעפוהלט איהר צו פאָהרען?

— פאָהרט ... אויף פּלאַץ קאָלאָנאַ.

ווידער האָט זיך ריקאַרדאָ געפיהלט אונגליקליך. דען ער
האָט דאָך געלעבט מיט דער מינוט, און ער האָט זיך שוין פאָר-
אויס פאָרגעשטעלט דעם גאַנצען רייץ פון פערברענגען אַ אָוונד
אין טעאַטער אין דער געזעלשאַפט פון שענע פרויען. האָט איהם
דען געלוינט זיך אַזוי זאָרגפעלטיג אָנצוקליידען? אָט איז — די
רעדאַקציע. ער איז אריין אַהין און בעשלאָסען אַ אַרטיקעל אָנצו-
שרייבען. מען מוז זעהן ווי עס איז פערברענגען די צייט ביז
עלף. פאַר עלף איז נישט שען צו קומען אויפ'ן אָוונד צו די סאַ-
וועלי. מיט אַ שנאה אין האַרצען צו אַלע מענשען, צו זיין אייגע-
נער שוואַכקייט, אויסגעהענדיג פאַר קלעמעניש און בענקשאַפט,

וועט ער דעם דאָזיגען אַרטיקעל אָנשרייבען. די אַרבייט איז געווי־סערמאַסען אַ גוטע רפואה אין אַזעלכע מינוטען.

די רעדאַקציע איז געווען לעדיג, קיין לעבענדיגער נפש. גרענאַריאָ האָט געחראָפּעט אין פאָדער־צימער. דזשאָאַנאַ האָט זיך צו׳ם טיש געזעצט, זיך איבער׳ן פּאַפּיער איבערגעבויגען. און שנעל האָט זיין פעדער אָנגעהויבען לויפען. אַזוי ווי אין אַ שפּיע־געל האָבען זיך איצט אָבגעשלאָגען די אַלע טאָג־איינדריקען, וועל־כע ער האָט איבערלעבט. פאַר זיינע אַרטיקלען האָט ער שטענדיג גענומען מאַטעריאַל פון לעבען אַליין. און וויפיעל פרייד און לייד, וויפיעל אויפרעגונגען און ענטטוישונגען זענען אין זיינע שענע פראַזען געווען! ער האָט אויסגעגאָסען די גאַנצע אונצופריעדענ־הייט פון זיין הארצען, וואָס איז דורשטיג צו די לעבענס־פריידען, דעם גאַנצען קומער פון זיין דורך אַרבייט דערשטיקטער עקזיס־טענץ, די טאָג־טעגליכע ענטטוישונגען, די שענע פאַנטאַזיעס. וואָס ווערען צעשלאָגען ביי׳ם צוזאַמענשטויסען זיך מיט דער געמיינער ווירקליכקייט.

און אין סוף פון אַרטיקעל האָט דזשאָאַנאַ ווי שטענדיג ווע־גען פרויען גערעדט. די ווערטער האָבען מיט ליידענשאַפט אויפגע־פלאַמט, שענע געלונגענע אויסדריקען האָבען זיך געשאָטען און ערשטוינט מיט זייער בילדליכקייט און קראַפט.

— האַלב עלף, — האָט סקאַפּאָ געזאָגט אַריינקומענדיג. — דו ענדיגסט אַ אַרטיקעל אויף מאָרגען?

האַלב עלף! ריקאַרדאָ האָט זיך אָנגעהויבען צואַיילען. ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער זיין אין דער געזעלשאַפט פון דאָנאַ קלעליאַ. דער אַרטיקעל האָט איהם מיט אַ מאָל אָנגעהויבען לאַנג־ווייַלען. ער האָט איהם געשריבען מיט גרויס בעגייסטערונג און איצט האָט ער זיך איהם אויסגעוויזען פאַרבלאָז און איבעריג. נאָך מיט איין אויגענבליק צוריק האָט איהם די פרוי קראַפט גע־געבען, און איצט איז זי ווידער געוואָרען זיין איינציגע שוואַכקייט, און ער איז ניט אימשטאַנד געווען זיך איהר נעגען צו שטעלען. עס האָט איהם אָנגעחאַפּט אַ כעס אויף די דאָזיגע מיאוסע קנעכ־טישע אַרבייט. וועלכע ער מוז אַרבייטען, כדי ער זאָל האָבען פון

וואָס צו לעבען. ריקאַרדאָ האָט איבערגעלייענט דעם אַרטיקעל, צו וואָס האָט ער זײַן האַרץ געעפֿענט פֿאַר דער גלײַכגילטיגער מאַסע לעזער? צי קאָנען זיי דען פֿערשטעהן, וואָס ער האָט איבערגעלעבט דעם דאָזיגען טאָג? ער איז זיך אַלײן מיאוס געוואָרען צוליעב זײַן פּראָפּעסיע, און ער האָט אַ מורמעל געטהון:

— הינטישע אַרבײַט!

וויעדער אַ קאַלטע נאַכט, די דראָזשקע, און ער פֿאָהרט אין סאַוועלי'ס ווילאַ. וואָס פֿאַר אַ פּײַן איז דאָס, נישט אימשטאַנד צו זײַן צו קלערען וועגען דאָנאַ קלעליאַ'ס ליבּטיגע גרויע אויגלעך, און זיך דערבײַ נישט דערמאָהנען די קאַלטע אויגען פֿון באַנקיר דאָן פּאָמפּעאָ, איהר מאַן. עס שוועבען פֿאַר די אויגען די בעצויבערענדע, וויבּיבּינקע, ראָזיגע ליפּעלעך פֿון דער שענער פֿרוי, נאָר אין זײַער שמײַכעל זעהט ער דאָס רויטע בילעטעל מיט דער מעלדונג, אַז מאָרגען מוז ער צאָהלען דאָס וועקסעל פֿון טויזענד ליר.

ריקאַרדאָ האָט בעשלאָסען צו רעדען מיט'ן באַנקיר וועגען וועקסעל, בעטען איהם, ער זאָל פּראָלאָנגירען דעם טערמין. נאָר ווי פּײַנליך עס איז צו רעדען וועגען דעם אין סאַלאָן פֿון דאָנאַ קלעליאַ! דען ביז דעם טאָג איז די שווערע זײַט פֿון זײַן לעבען געווען גאַנץ אָבגעזונדערט פֿון דער פֿרעהליכער. די פֿרויען האָבען איהם געטרייסט אין זײַנע טאָג-טעגליכע אונאַנגענעהמהײַטען צוליעב געלד. זיי האָבען אַפּילו גאָר נישט חושד געווען, וואָס ער שטעהט אויס, מיט זיי האָט ער געלעבט גאָר אַנ'אַנדער גלענצענד לעבען. און איצט? אין דער מינוט האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַז ער איז שולדיג טויזענד לירע טאַקי דאָנאַ קלעליאַ'ן אַלײן און איהר וועט ער דאָס מאָרגען נישט קאָנען בעצאָהלען.

אָט איז די העל בעלויכטענע אויסגעפּוצטע ווילאַ. פֿון די פֿענסטער הערט זיך מוזיק. דזשאָאַנאַ איז אַרײַנגעגאַנגען און איז שטעהן געבליבען אויפ'ן שוועל פֿון סאַלאָן.

אַלע זענען זיי דאָרט געווען, — קלעליאַ סאַוועלי, עלוזעמאַריע, קאַטערינאַ ספּינאָלאַ, טעקלאַ ספּאַדאַ, די גרעפֿין סאַנטאַנינפּאַ, יעדע אויף איהר שטײַגער רײַצענד. — און דער אײַנדרוק איז געווען אַ פֿאָלשטענדיגער; קיינמאָל האָט ער נאָך אַזעלכעס

ווי אין דעם אָוועגד נישט איבערלעבט. די פאַנטאַסטישע טרוימען פון פאָעט האָבען זיך ענדליך אין ווירקליכקייט פערוואַנדעלט. יעדע פון די דאָזיגע פרויען האָט פערפאָלשטענדיגט דעם אלגעמיינעם אַקאָרד פון פרויען־געגוס.

ריקאַרדאָ האָט דער אונערדישער עלוע מאַריע די מאַי־בלומען דערלאַנגט, מיט טעקלאַ ספּאַדאַ עטליכע קאָקעטע ווערטער געדעדט, ענדליך איז ער דער גרעפין סאַנטאַנינפּאַ פאָרגעשטעלט געוואָרען און האָט מיט פערגניגען געהערט די פיינע ערצעהלונג פון דאָנאַ קלעליאַ וועגען דעם, ווי זיי האָבען ביידע צוזאַמען שווערדלעך און מאַטעריען בעקוקט אין יאַפּאַנישען מאַגאַזין, וואו זיי האָבען זיך צופעליג בעגעגענט. ווען ער איז אָבגעגאַנגען טיעף אין סאַלאָן און בעטראַכט די טייערע וואַזען, איז אונבעמערקט צוגעגאַנגען צו איהם דאָנאַ קאַטעריגאַ ספּינאָלאַ און שטיל איהם איינגערוימט:

— איהר האָט מיך ווייזט אוים פיינד?

— דאָס האָב איך אייך נישט געזאָגט און בכלל וועל איך אייך גאָרנישט זאָגען, — האָט ער שאַרף געענטפערט.

זי האָט אַ ציטער געטהון און איז בלאַס געוואָרען, נאָר אין זעלבען אויגענבליק איז אין סאַלאָן אַריינגעקומען דער ווירט פון הויז, דער באַנקיר פּאָמפּעאָ סאַוועלי, אַ הויכער, אַ מאָגערער און שטרענגער לייט'ן אויסזעהן. ריקאַרדאָ'ן האָט אָטעם פערפעהלט און דאָס האַרץ האָט אַ קלעם געטהון. אַ געדאַנק איז איהם דורכ־געפלויגען, אַז ער וועט נישט אימשטאַנד זיין צו רעדען וועגען וועקסעל מיט דעם דאָזיגען מענשען טאַקי דאָ אין זיין הויז. און חאָטש דער שמועס אַרום און אַרום איז געוואָרען אַלץ לעבהאַפטער, האָט ער דאָך נישט געקאָנט זיין אויפרעגונג בעזיעגען, ער איז געשטאַנען ערווייטערט פון די איבעריגע, שווייגענד, אַזוי ווי ער וואָלט דאָ נישט געוועזען.

דאָס איז בעמערקט געוואָרען, מען האָט זיך געריי‍צט מיט איהם, אַז ער איז פערליעבט און ער האָט זיך שוואַך אָבגעוועהרט.

„ניין, מען מוז זיך מיט'ן באַנקיר דורכרעדען! מען מוז זיך מוט מאַכען. פּאָמפּעאָ סאַוועלי איז אַ דזשענטעלמען, ער וועט

זיבּער אײַנשטימען... וואָס אהרט איהם, אַז ער וועט איהם זאָגען אײן וואָרט? און דאָס אײנע וואָרט וועט ריקאַרדאָ'ן לאָזען פּרײַ עטעמען אין אַ משך פון דרײַ מאָנאַטען. דרײַ מאָנאַטען איז אַ לאַנגע צײַט, פאַר אַזאַ צײַט קאָן ער צעהנדליגער מאָל טויזענד ליראַ שאַפען. נאָר ווי אַזוי זאָל ער צוגעהן און אָנהויבען רעדען מיט'ן באַנקיר? יענער איז אין דער מינוט אַזוי ווײַט פון געשעפט, אַלס ווירט פון הויז דאַרף ער פרײַנדליך זײַן מיט זײַנע געסט' ער פערווײַלט די דאַמען. אָט איז ער איצט אַרויסגעגאַנגען צו בעגלייטען דאָנאַ טעקלאַ ספּאַדאַ.

— וואָס פאַר אַ לבנה הײַנט איז! — האָט דער באַנקיר געזאָגט, צוריקקומענדיג פון גאָרטען.

ריקאַרדאָ האָט ווידער אָבגעוואַרט, אין האַרצען האָט ער אָהן אַ שיעור געליטען, נאָר ער האָט דאָס ניט אַרויסגעוויזען און האָט ווײַטער געשמייכעלט. ענדליך איז שוין צײַט געווען צו געהן; ער האָט זיך געזעגענט מיט דאָנאַ קלעליאַ און בעשלאָסען, אַז ער וועט זײַן ניעדערטרעכטיג און וועט איהר מאַן קײן וואָרט ניט זאָגען.

נאָר דער באַנקיר איז העפליך געגאַנגען איהם אין פאָדערהויז בעגלייטען.

— איך קאָן ניט לײַדען קײן אומעטיגע מוזיק, — האָט ער געקלאָגט, — און דאָנאַ קאַטערינאַ מיט איהר גאַנצע פיגור און מיט איהר אַרט שפּיעלען דערמאָנט מיר גראַדע אַ לויה.

— איך האָב אויך ניט ליעב וועגען טוידט צו קלערען און האַלט גאָרניט בײַ'ם שטאַרבען, — האָט ריקאַרדאָ געענטפערט.

זיי זענען אין גאָרטען אַרויס. דער העלער שײַן פון דער לבנה האָט בעשטראַהלט אַלץ אַרום.

— וואָס פאַר וואונדערשענער אָווענד! — האָט דאָן פּאָמפּעאָ אַ טורמעל געטהון.

— אַ וואונדערבאַרער אָווענד! — האָט דזשאָאַנאַ פּאָמעלעך געצויגען און פּלוצלונג האָט ער שאַרף און שנעל געזאָגט:

— בײַ איך אין באַנק איז פערהאַן מײַנס אַ וועקסעל און מאָרגען איז דער טערמין!

— איך ווייס ... אויף וויפיעל איך געדענק, טוויזענד ליירע.

— איז נישט מעגליך איהם איבערצושרייבען? — ריקאר־ראָ'ס קלאנגלאָזע שטימע האָט קוים בעמערקבאר א ציטער געטהון ...

— אונמעגליך, מיין בעסטער, — האָט דער באנקיר קאלט אָבגעהאַקט. — דאָס איז נישט אונזער וועקסעל.

— איך בעט אייך, איהר וועט מיר א גרויסע טובה טהון ...

— איך פערזיכער אייך, אונמעגליך. וואָס אהרט אייך, אז איהר וועט בעצאָהלען צו'ם טערמין? איהר פערדינט אַזוי פיעל. פיעל און לייכט... נישט אזוי ווי מיר, געשעפטס־לייט ...

— א גוטע נאַכט!

דזשאָאַנאַ איז פאַמעלעך איבער'ן פלאַץ געגאַנגען. איינס נאָך האלבע נאַכט האָט אויסגעשלאָגען. אָט ווי אַזוי זיין טאָג האָט זיך פערענדיגט ... און ער האָט זיך דערמאָהנט אלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט און איבערגעטראַכט דעם דאָזיגען טאָג, אָהן ביטערקייט און אָהן איראָניע; ער האָט אַזוי ווי א גלייכגילטיגער צושויער פון דער זייט זיין לעבען דערזעהן. ער איז א אונענטשלאָסענער, ווילענסשוואַכער שווערמער. וואָס איז גרייט צו לויפען נאָך יעדעם שען פּניט'על, נאָך יעדער פרויען־העמדעל, וואָס גיעט איהם א ליעבליכען וואונק. אַנשטאָט צו אַרבייטען שטעהט ער אין קאַפע, פאָהרט פון דאָרטען אויפ'ן באַזאַר, פון באַזאַר אויפ'ן קאָנצערט, דערנאָך אין קירכע, אין בלומען־מאַגאַזין, צו'ם אַנטיקוואַריוס, אין טעאַטער, צו גאַסט. ער קאָן נישט ווידערשטעהן דעם פרויען־רייץ, ער איז געגצליך אין זייערע הענד, און אַזוי ווי א זאָרגלאָז קינד גיעט ער זיי זיין ציים אָב, זיינע לעצטע גראָשען, וואָס ער פערדינט דורך אַזאַ אונגעהויערער אַרבייט, גיעט זיי אָב זיינע גאַנצע קרעפטען.

אין דעם אויגענבליק האָט ריקאַרדאָ קלאָר אַנערקענט זיין גאַנצע אונגעהויערע אונהיילבאַרע אייטעלקייט און ער האָט פערשטאַנען די גאַנצע לעערקייט פון זיין עקזיסטענץ. די דאָזיגע פרויען האָבען, אַזוי ווי דלילה ביי שמשון הגבור, זיין גאַנצע קראַפט פון איהם אַוועקגערויבט, און אין אמת'ען האָט ער דאָך

קיין איינע פון זיי איינפריכטיג נישט געליעבט. ער האט אלץ גע־אפּגעפערט צוליעב דעם געפיהל, אין וועלכען עס איז קיין ערהאַ־בענהייט נישט געווען, נישט קיין שטאלץ, — צוליעב דעם גע־פיהל פון ניעדריגער זעלבסט־ליעבע, וואס האט איהם פערפיהרט. און די הויפּט־זאך – און דאס איז דאס סאמע טרויעריגסטע, חאטש גלייכצייטיג אויך דאס לעכערליכסטע – איז דאס, וואס קיין איינע פון די דאזיגע פרויען האט איהם אויך נישט געליעבט. פאר זיי אויך אזוי ווי פאר איהם, זענען די געשפרעכען מיט איהם, זיין געזעלשאפט געווען נאר א צופריעדענשטעלונג פון זייער אייטעל־קייט, מעהר גארניכט. און דערהויפּט איז זיי נויטיג געווען דער העלער שיין, מיט וועלכען דער מאדישער פּאעט האט אין פראַ־זע און אין פערזען זייערע נעמען בעשטראהלט, און מעהר גאר־נישט.

ריקאַרדאָ האט דאס אלץ אנערקענט און איז פאמעלעך גע־גאנגען איבער די שטילע גאסען. העל האט די לבנה געלויכטען, ער האט געקוקט אויף איהר און געטראכט, אז קיין זאך פער־אייניגט אידם נישט מיט די אלע מאדישע שענע פרויען; קיין איין ליעבליכען ווארט האט ער פון זיי נישט געהערט, קיין איין בעווייז פון פריינדשאפט און איבערגעגעבענהייט האט ער פון זיי נישט געהאט. ער איז עלענד אויף דער וועלט, אויפ'ן גאנצען לעבען עלענד.

— דזשאָאַנאַ, — האט איהם א רוף געטהון א ליעבליכע פרויען־שטימע פון א פערמאַכטער קארעטע.

ער האט זי דערקענט.

ער האט דערקענט און איז צוגעגאנגען:

— גוטען אָווענד, שערי.

— וואוהין? — זי האט זיך אין איהר ווייסען מאנטעל איינגעהילט.

— וואו די אויגען טראגען.

— לאָ'מיר אין קאָליזעאום פאהרען, זעהן די שענע לבנה.

ער האט זיך געזעצט נעבען איהר און ביידע האבען גע־שוויגען.

— וואָס איז אײַך? — האָט די קורטיזאַנע געפֿרעגט.
— גאָרנישט, שערי.

ווידער שווײַגען. ריקאַרדאָ האָט פֿערוואָרפֿערט. די שענע פֿרוי, אין גאַנצען אין ווײַסען געקלײדט, האָט אויפֿ'ן הימעל געקוקט. פֿערבײַפֿאָהרענדיג פֿאַר דעם טויער פֿון סעפּטימיוס סעווערוס, האָט זי ווידער געפֿרעגט מיט איהר האַרציגער, צויבערהאַפֿטער שטימע:

— וואָס איז אײַך, דזשאָאַנאַ?
— גאָרנישט, שערי.

בײַ'ם קאָליזעאום האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט. ער האָט איהר געהאָלפֿען פֿון דער קאַרעטע אַרויס. נאָר געגאַנגען זענען זיי בעזונדער. זיי זענען אַרײַן אין די אַרענע פֿון בעריהמטען ציִרק. שערי האָט זיך אויף אַ שטײן געזעצט. ריקאַרדאָ איז געבליבען שטעהן און האָט שווײַגענדיג געראַוכערט. שערי האָט נײַגיעריג אַלץ אַרום בעטראַכט און האָט נישט איבערגעריסען דאָס געדאַנקען-רײַכע שווײַגען. דערנאָך האָט זי שטילערהייד געזאָגט:

— דערצעהלט מיר נישט די געשיכטע פֿון קאָליזעאום, דזשאָאַנאַ, איך וויל בעסער גאָרנישט וויסען.

ער האָט נישט געענטפֿערט, און ווען זי האָט זיך אין זײַן געזיכט אײַנגעקוקט האָט זי ווײַזט אויס בעמערקט עפּעס בעזונדערס.

— זאָגט מיר, וואָס איז אײַך, דזשאָאַנאַ, בשעת אויפֿ'ן האַרצען איז שווער, איז דאָס בעסטע זיך אויסצורעדען.

— איך דאַרף מאָרגען צאָהלען אַ וועקסעל פֿון טויזענד לירע.
— און איהר האָט קײן געלד נישט?
— נײן! — אַ שלאָכצען האָט זיך פֿון זײַן ברוסט אַרויסגעריסען.

— אויך מיר אַ עסק! — האָט שערי ליעבליך אַ מורמעל געטהון. — אונגעצאָהלטע וועקסלען ווערען פּראָטעסטירט, און ווײַטער גאָרנישט.

אין יענער לבנה-נאַכט, אין קאָליזעאום, נעבען דער ליעבליכער קורטיזאַנע, האָט ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ לאַנג און ביטער געוויינט.

---

# צווייטער טייל.

## IV.

## די לעצטע פיערטעל שטונדע.

די רעדאַקטאָר-געהילפֿען און די מיטאַרבייטער זענען זיך צוגאַנגען, און דער רעדאַקטאָר, דער שענער ריקאַרדאָ דזשאַנאַ איז אַליין געבליבען אין דער רעדאַקציע פֿון דער צייטונג „אוּאָמאָ קע רידע"... אין דעם שטאַרק אָנגערויכערטען צימער האָט מען שוין דעם גאַז אָנגעצונדען, חאָטש אין דרויסען איז נאָך ליכטיג געווען. ריקאַרדאָ, וועלכער איז פֿאַר די לעצטע דריי מאָנאַטען שטאַרק אויסגעמאַטערט געוואָרען, האָט קיין כח נישט געהאַט זיך אַ ריהר צו טהון און איז איינער אַליין געזעסען פֿאַר אַ באַרג פֿאַנאַנדערגעשניטענע צייטונגען זעהר דערשלאָגען. אַרום און אַרום זענען געווען פֿאַנאַנדערגעוואָרפֿען אינפֿאָרמאַציאָנס-ביכער, ליעדער, אַלטע צייטונגען, — אַלץ, וואָס איז נאָר נויטיג געווען די מיטאַרבייטער אויף צוזאַמענצושטעלען דעם נומער. אויף דער וואַנד, אויף אַ טשוואָק, זענען געהאַנגען די נאָר וואָס אָנגעקומענע טעלעגראַמען פֿון מאַילאַנד, וועלכע האָבען זיך געדרוקט אין „אוּאָמאָ" ווי כלומר'שט פֿון די אייגענע קאָרעספאָנדענטען פֿון פּאַריז, בערלין און לאָנדאָן. ריקאַרדאָ האָט מיט טיעפֿען טרויער געקוקט אויף די אַלע ביכער און בלעטלעך, וועלכע האָבען גע-שפּייזט די זיך איצט דרוקענדע פּראָווינציעלע צייטונג „אוּאָמאָ".

איבריגענס, צי איז איהם דען נישט אַלץ איינס, ווי די צייטונג ווערט צוזאַמענגעשטעלט און וואָס זי גיעט די לעזער? ער האָט נאָר איין וואונש איצט געהאַט, — אַז „אוּאָמאָ" זאָל אונ-בעדינגט צו דער צייט ערשיינען; נאָר איין שרעק האָט ער איצט געהאַט, — טאָמער וועט זיין צייטונג פֿון אָהנמאַכט אויסגעהן. טאָמער וועט מען דאָרט אין דער דרוקעריי די מאַשין אָבשטעלען, וועהרענד אַ צווייטע מאַשין וועט דאָ דערנעבען דרוקען אַ צווייטע פֿערשפּרייטערע און גליקליכערע צייטונג. יאָ. נאָר דער איין וואונש

איז איהם נאָך געבליבען. אַלע אַנדערע טרוימען זענען שוין לאַנג צעשוואוומען. דער אַמאָליגער גלענצענדער זשורנאַליסט און פּאָעט ריקאַרדאָ דזשאַאַנאַ עקזיסטירט שוין נישט מעהר. שוין צוויי וואָכען ווי ער קאָן נישט אָנשרייבען אפילו דעם אונבעדייטענדסטען אַרטיקעל מיט זיין אַמאָליגען שענעם סטיל, וואָס האָט אַזוי גע־שאַטצען מיט פּאַראַדאָקסען. און דאָך איז ער אַזוי בעריהמט גע־וועזען מיט דער דאָזיגער גראַציעזער פֿייערדיגער שפּראַך! אפילו זיינע שׂונאים האָבען אין איהם א גרויסען טאַלענט אנערקענט, און פֿיעל האָבען נאָר צוליעב זיינע אַרטיקלען דעם „אוּאָמאָ“ אַבאָנירט. אויסגעלאָשען איז איצט זיין רוהם געוואָרען; ער געפֿינט שוין נישט די אַמאָליגע שענע ווערטער די פֿרויען צו בעזינגען; אַלץ האָט אין איהם אויפֿגעפֿרעסען די זאָרג. אונבעדינגט וויטער צו ציהען די עקזיסטענץ פֿון „אוּאָמאָ“, — אָדער צו שטאַרבען. דער שאָטען פֿון טוידט פֿערלאָזט איהם שוין לאַנג נישט; נישט אומזיסט האָט ער איין מאָל געזאָגט זיין געהילף דזשוליאָ פֿראַטי, אַז די בלעטער פֿון „אוּאָמאָ“ וועלען זיינע תּכריכים זיין.

דער לאָקאַי איז אין די רעדאַקציע אַריינגעקומען און איהם א טעלעגראַמע דערלאַנגט, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען פֿון טיש אויפֿצוראָמען.

ריקאַרדאָ האָט צעשטריטערהייד איבערגעלייענט די דאָזיגע טעלעגראַמע פֿון באָלאָניאַ: „ארויסגעשיקט פֿינף בלעטער, פֿאָרט־זעצונג וועל איך שיקען ווי איך וועל נאָר טעלעגראַפֿיש דער־האַלטען פֿונפֿציג לירע. — בראַנקאַטשי“.

— דער פֿערוואַלטער פֿון קאַנטאָר איז נאָך נישט געקומען? האָט דזשאַאַנאַ דעם לאָקאַי געפֿרעגט.

— ניין, ער איז היינט נישט געוועזען.

— ווערזשע האָט אין קאַנטאָר געהאַט צו שאַפֿען?

— אַנטאָניאָ איז געקומען, געוואָלט רעדען מיט אייך, נאָר סיניאָר פֿראַטי האָט איהם אָבגעשיקט.

-- און ווער האָט די פּאָסט איבערגעלייענט?

— קיינער. זי ליעגט ביי מיר. דערלאַנגען? געלד פֿון קאַסע האָט סיניאָר פֿראַטי צו זיך גענומען...

דער לאַקאַי האָט עטליכע בריוו דערלאַנגט: איינער פון די פּראָווינציעלע אַבאָנענטען האָט זיך געזידעלט, פאַרוואָס ער דערהאַלט שוין נישט דריי מאָנאַטען די צייטונג. וועט עס שוין אַ מאָל אַ סוף נעהמען? פונקט אַזאַ בריוו אויך פון ראַגוזאַ פון קלוב, — פאַרוואָס שיקט מען די צייטונג נישט? אַ קליינער פּראָווינציעלער אָרגאַן האָט זיך אויך בעקלאָגט, פאַרוואָס מען שיקט זיי נישט די צייטונג „אוּאָמאָ״ אַלס חילוף פאַר זייער צייטונג „מעסאַרושעראָ״. אַנדערע צייטונגען ענטזאַגען נישט זיך צו בייטען מיט זיי. צי דען איז „אוּאָמאָ קע רידע״ אַזוי שטאָלץ, אַז ער האַלט זיי נישט פאַר ווערט אַזאַ זכיה צו האָבען!

דזשאָאַנאַ האָט אַ שמייכעל געטהון און אָנגעשריבען מיט אַ רויטען בלייפעדער אויפ׳ן בלעטעל פּאַפּיער, אַז די ביטע פון „מעסאַרושעראָ״ זאָל צופרידענגעשטעלט ווערען.

נאָך פינף, זעקס בריוו . . . אויך פון די צייטונגס־פערקויפער זענען אָנגעקומען מיטטהיילונגען, אַז אַזוי ווי די צייטונג געהט נישט, דאַרפען זיי בעשטעלען ווייניגער עקזעמפּלאַרען ווי ביז איצט.

ער האָט דאָס אַלץ דורכגעקוקט, בעהאַלטען אין שופלאָד, גענומען מיט זיך בראַנקאַטשי׳ס טעלעגראַמע און געגאַנגען אין דרוקעריי.

אַ שטורמווינד האָט איהם אויף דער גאַס אַ דרעה געטהון, אַ שטורמווינד מיט אַ אָפּטען רעגען ווי טרעהרען פון אַ קינד, איין אוינגענבליק איז ער זאָגאַר שטעהן געבליבען, געוואָלט צוריק־געהן נאָכ׳ן רעגענשירם, דערנאָך האָט ער מיט דער האַנד אַ מאַך געטהון און איז ווייטער געגאַנגען.

אין ערשטען קליינעם צימער, ביי׳ם איינגאַנג אין די זעצעריי, האָט דזשוליאָ פּראַטי געהאַלטען די קאָר עקטורען פון זיין שאַרפען אַרטיקעל מיט פאָרוואורפען געגען ביסמאַרק׳ן. ער איז אויף אַ שטוהל אויף די קניה געשטאַנען, אָנגעלעגט אויפ׳ן טיש, און געלייענט הויך, מיט היץ, און ווײַלענווייז אַ טרייסעל געטהון מיט זיין לאַנגהאָריגען קאָפּ, פון וואָס די האָר האָבען זיך אויפ׳ן אַקסעל צעשאָטען און פערדעקט דעם אויפגעהויבענעם קאָלנער פון דעם אָבגעטראָגענעם פּאַלטאָ... אַ צווייטער זשורנאַליסט,

באַנאַטי, האָט זיך מיט פֿערגניגען צוגעהערט, זיצענדיג איינגע־הילט אין אַ פּוטער, פֿון הינטער וועלכען עס האָט אַרויסגעקוקט אַ הימעלבלויער זשילעט. זיין צילינדער, פֿערדוקט אויף אַ זייט, האָט זיך איהם קוים אויפ'ן קאָפּ געהאַלטען.

— דו האָסט גענומען דאָס געלד פֿון קאַסע? — האָט זיך דזשאָאַנאַ צו פּראַטי'ן געווענדעט. — גיעב מיר פֿינפֿציג פֿראַנק. בראַנקאַטשי טעלעגראַפֿירט, אַז ער מוז גלייך געלד האָבען.

— ער וועט אונטערוואַרטען, — האָט זיך פּראַטי אויף איין אויגענבליק פֿון אַרטיקעל אָבגעריסען.

— אויב איך וועל איהם קיין געלד נישט אַרויסשיקען, וועט ער נישט שיקען די ענדע פֿון פֿעליעטאָן.

— איך האָב קיין געלד.

— וואָס הייסט? — דזשאָאַנאַ איז בלאַס געוואָרען.

— אָט וועל איך דיר גלייך אַ ענטפֿער געבען, — און פּראַטי האָט פֿון טאַש אַ צעטעלע אַרויסגענומען, — זעהסטו, פֿונפֿצעהן פֿראַנק בעצאָהלט בערטאַרעלי'ן פֿאַר'ן אַרטיקעל... דער דאָזיגער הולטאַי וועט דיר קיין איין שורה נישט שרייבען אויף באָרג! דעם לאָקאַי גענעבען פֿאַר אָבשיקען דיינע טעלעגראַמען זעקס מיט אַ האַלבע לירע. די אלמנה באַרקאָני האָט בעקומען פֿינף פֿראַנק, וואָס מען האָט געשענקט פֿאַר איהר פֿון טריעסט דורך אונזער קאַנטאָר און וואָס מיר האָבען די טעג אויסגעגעבען. בסך הכל — 26 לירע 50 סאַנטים. פֿערקויפֿט איז געוואָרען בסך הכל 18 טויז „אואָמאָ" פֿאַר 28 לירע 80 סאַנטים. הייסט עס, ביי מיר איז בסך הכל געבליבען נאָר צוויי לירע און דרייסיג סאַנטים.

דזשאָאַנאַ האָט אומעטיג און צעשטרייט אויסגעהערט די דאָזיגע עלענדע אַריטמעטישע רעכענונגען און איז געוועזען אַזוי דערשלאָגען, אַז ער האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר מיט'ן קאָפּ אַ שאָקעל געטהון.

באַנאַטי האָט איהם אַרויפֿגעלעגט די הענד אויפ'ן אַקסעל און זיך געסטאַרעט איהם אויפֿצוטרייסלען, איהם צו טרייסטען.

— געדענק, אַז דו ביזט דער פֿערטיידיגער פֿון אמת און פֿרייהייט! דאָס פֿאָלק הערט זיך צו צו דיין וואָרט און וואַרט אויף

עָס! וואָס גערט דיר אָן דאָס עָלענדע געלד? פֿאַל נישט אַראָב בײַ זיך! נעהם דיר אַ בײַשפּיעל פֿון מיר, — איך האָב נישט קײן גראָשען און דאָך בין איך פֿרעהליך און האָף אויף די צוקונפֿט. פֿון מײַן גאַנצען פֿערמעגען איז מיר געבליבען נאָר דער דאָזיגער פּוטער און מײַן ביקס, און דאָס וועל איך וואהרשײַנליך אויך אין גיכען מוזען אין לאָמבאַרד אַוועקטראָגען.

— דער פֿערוואַלטער אין קאַנטאָר וועט שוין מעהר נישט קומען, — האָט איהם פּראַטי איבערגעריסען.

דזשאָאַנאַ האָט די ליפּען פֿערביסען. איבער זײַן שטערען איז אַ ציטער דורכגעלאָפֿען.

— מען וועט זיך שוין ווי עס איז בעגעהן אָהן איהם און אָהן אַ קאַסירער... און די צײַטונג דרוקט זיך?

— מען שטעלט צונויף די זײַטען. מאַלגאַניאָ פֿאַרבעסערט זײַן פּאַרלאַמענטאַרישען פּראָטאָקאָל און פֿערהאַלט די קאָרעקטור, נאָר ער פלוידערט.

דזשאָאַנאַ האָט דעם ערשטען בויגען גענומען און איז אין דרוקערײַ אַרײַן.

— סיניאָר מאַלגאַניאָ פֿערהאַלט אונז, מיר וועלען פֿער־שפּעטיגען, — האָט זיך דער מעטראַנפּאַזש געקלאָגט.

דזשאָאַנאַ האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט מיט דער זעלבער גלײַכגילטיגקײַט. ער האָט זיך בעוועגט און גערעדט ווי אַ אויטאָ־מאַט און האָט שוין געוואָלט אַוועקגעהן, נאָר דער מעטראַנפּאַזש האָט איהם געזאָגט, אַז דער פֿערוואַלטער אין דרוקערײַ וויל מיט איהם רעדען.

דאַן איז ריקאַרדאָ אַרײַן אין שענעם און בעקוועמען קאַבי־נעט פֿון פֿערוואַלטער.

אַ קלײַן רונד מענשעל מיט אַ קאַלטען גלײַכגילטיגען געזיכט איז געשטאַנען פֿאַר אַ טיש, וואָס איז געווען אָנגעלעגט מיט רעכע־נונגען און קוויטאַנציעס, און האָט דורכגעקוקט די אַקוראַט גע־בונדענע רעכענונגס־ביכער.

— מעהר אַרבײַטען אַזוי קאָנען מיר שוין נישט, — האָט ער אָנגעהויבען מיט זײַן קאַלט־העפֿליכען, שיער בעלעדיגענדען

טאָן . — אוים גוטסקייט האָבּען מיר איינגעשטימט אויף דעם וואונש, וואָס איהר האָט אויסגעדריקט , צו צאָהלען איין מאָל אין וואָך , נאָר איצט קומט שוין פאַר צוויי וואָכען , איהר זאָגט יעדען טאָג צו און לעגט אַלץ אָב . איך בּין געצוואונגען אייך וויסען צו גיבּען , אַז מיר מוזען אויך צאָהלען צו'ם טערמין די אַרבּייטער און די אָנגעשטעלטע . דעריבּער האָט מען מיר , צו מיין גרויסען בּעדויערן , בּעפוילהען אייך צו ערקלערען , אַז אויב איהר וועט מאָרגען נישט בּעצאָהלען לויט רעכענונג ,— וועלען מיר אויפהערען דרוקען אייער צייטונג .

— וואַרט מיר נאָך אונטער בּיז איבּערמאָרגען . — האָט רזשאָאַנאַ רוהיג געזאָגט , חאָטש דאָס בּלוט האָט איהם אין קאָפּ אַ זעץ געטהון און אַ געפיהל האָט ער געהאַט , ווי דאָס האַרץ וועט איהם צעבּראָכען .

— אונמעגליך . גלויבּט מיר , אַז ווען דאָס וואָלט זיך געווענדט אָן מיר ...

— גוט ! — האָט ריקאַרדאָ געענטפערט און איז אַרויסגעגאַנגען זיך טרייסלענדיג ווי אַ שיכּור .

עטליכע מיטאַרבּייטער פון אַ צווייטער צייטונג „בּאַיאַרד" וועגען גלייכצייטיג מיט איהם אַרויסגעגאַנגען פרעהליכע , צופריעדענע , מיט פריש-אָבּגעדרוקטע נומערען פון זייער גליקליכער און רייכער צייטונג .

— אַ , רזשאָאַנאַ ! — האָבּען זיי איהם בּעגריסט . — לאָ'מיר געהן צוזאַמען ...

ער איז געבּליבּען שטעהן און אַרויסגערופען פראַטי'ן פון דרוקעריי .

— הער אוים , פראַטי ... — האָט איהם ריקאַרדאָ געזאָגט שטילערהייד אין פינסטערען קאָרידאָר , — געדענקסט דעמאָלט , בּיי'ם נאַכט-עסען פאַר'ן אַרויסלאָזען דעם ערשטען נומער פון „אוּאָמאָ" האָבּ איך דיר געזאָגט , אַז די בּלעטער פון דער דאָזיגער צייטונג וועלען מיינע „תכריכים" זיין ? איצט האָבּ איך עפּעס בּעסערס אויסגעקלערט : איך וועל אפשר טאַקי שטאַרבּען ... נאָר „אוּאָמאָ" וועט לעבּען , מוז לעבּען ... זאָג מיר צו , רזשוליאָ , אַז

דו ווערסט זיך זאָרגען וועגען דעם, אויב איך וועל זיך דאָס לעבען נעהמען? ...

— אָבער דו ביזט פון זינען אראָב! — האָט פּראַטי דער־שראָקען אויסגעשריען.

— הערט אויס, פריינד, — האָט פּראַטי מיט געטיילט די פערזאַמעלטע מיטאַרבייטער. — מיר האַלטען פאר א קאטאַס־טראָפע. מען מוז אויף דזשאָאַנאַ'ן אַכטונג געבען.

— ווי קאָן מען איהם אַרויסהעלפען?... לאָ'מיר עפּעס אויסקלערען... — האָבען זיך די זשורנאַליסטען אָבגערופען. — אַנ'אונגליק, קיין געלד נישטאָ...

— איך האָב אויך קיין גראָשען! — האָט בערטאַרעלי זיך צוגעאיילט וויסען צו געבען.

— ביזט אַ הולטאַי! — האָט איהם פּראַטי אָבגעזידעלט.

עס האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען פערשידענע פאָרשלאַגען און באַנאַטי האָט זאָגאַר בעשלאָסען צו פערזעצען דעם פוטער און דעם ביקס, און מאַלגאַניאָ האָט צוגעזאָגט צו רעדען מיט'ן מי־ניסטער פון ערד־אַרבייט און האַנדעל.

— דזשאָאַנאַ וויל זיך דאָס לעבען נעהמען, יאָ? — האָט בערטאַרעלי געפרעגט.

— ער איז פאָלשטענדיג פערצווייפעלט, — האָט פּראַטי שטיל געזאָגט און אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דזשאָאַנאַ איז געגאַנגען אין רעסטאָראַן צווישען די טישלעך און האָט עמיצען געזוכט.

— זעץ זיך עסען מיט מיר, — האָט איהם צוגערופען אַ עלעגאַנטער זשורנאַליסט, וועלכער איז מיט זיין עלעגאַנטען אויס־זעהן עהנליך געווען צו ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ'ן אַליין אין זיין יוגענד. — אָדער דו זוכסט אפשר אַ פרוי?

— ניין, מיין בעסטער, איך זוך אַ מיליאָנער.

דער שענער יונגער־מאַן האָט מיט פּעראַכטונג אַ שמייכעל געטהון, ציהענדיג דערביי זיינע קוים בעמערקבארע וואָנסעס. ריקאַרדאָ האָט געקוקט אויף איהם און דאָס האַרץ האָט זיך איהם

צוזאַמענגעדריקט פֿאַר צערטליכקייט ; ער האָט זיך דערמאָהנט די פֿערגאַנגענהייט , די שענע פֿערגאַנגענהייט .

— אַ נאָוועלע אויף מאָרגען װעסטו מיר געבען ? — האָט ער איהם פֿריינדליך געפֿרעגט, זיך צוזעצענדיג אויף דער סאַמעטענע סאָפֿע .

— וואָס פֿאַר אַ נאָוועלע ! איך שרייב שוין נישט מעהר קיין נאָוועלען ! צו שווער און עס לוינט נישט .

— נו , גיעב מיר אַ ליעד ...

— איך וועל דיר געבען אַ סאָנעט, געווידמעט צו די ציינער פֿון דער פֿירשטין סאַנטאַנינפֿאַ. ציינער ווי ביי אַ טיגרין , ח׳לעבען , אַ !

— דו שוין אויך ? — דזשאָאַנאַ האָט אַ שמייכעל געטהון אונענדליך אומעטיג.

— וואָס הייסט א י ך ש ו י ן א ו י ך ? איך האָב זי היינט אין דער פֿריה געזעהן אין ראָנצי׳ס קאַפֿע ; זי האָט זיך אויסגעקליבען געבעקס צו טהעע און זיי געגאַשט פֿאַר מיר אין די אויגען .

— איך ווייס , איך ווייס ... — האָט דזשאָאַנאַ צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ . — גיעסטו מיר הייסט עס אַ סאָנעט ?

— מיט אַ תנאי , אַז דו וועסט מיר גלייך געבען פֿופֿציג לירע .

— אין דער מינוט האָב איך נישט . גיעב פֿריהער דאָס ליעד .

— אויב אַזוי – אויף וויעדערזעהען ! דאָס געלד מוז איך גלייך האָבען . איך וועל געהן אין קאַנטאָר פֿון „באַיאַרד”, וועל איך בעקומען .

— אַדיע , קינד ,— און אויפֿשטעהענדיג האָט דזשאָאַנאַ וויעדער אַ קוק געטהון אויפֿ׳ן יונגען פּאָעט מיט אַזאַ אונענדליכען אומעט און ליעבע , אַז יענער האָט זיך בעאונרוהיגט :

— וואָס איז מיט דיר ? ס׳איז אמת , וואָס מען זאָגט , אַז „אוּאָמאָ” האַלט שוין ביי דער גסיסה ?

— נישט דו נישט איך וועלען מיר זיין טוידט נישט דערלעבען ,—האָט איהם ריקאַרדאָ האַסטיג געענטפֿערט ,— נאָר אויף דיר קאָן איך אָהן אויפֿרעגונג נישט קוקען ,— מיר דוכט , דו ביזט מיין זוהן . . .

און ער איז אַוועק צו'ם מיליאָנער.

דער מיליאָנער, אַ סענאַטאָר, אַ פּרעזידענטער אין דער פערוואַלטונג פון אַ גאַנצען טוץ בענק, אַ רוהיגער, מעסיגער אַלטער מאַן, האָט געגעסען פאָלשטענדיג צופריעדען, קיינעניג פּאַמעלעך די פּיינע שפּייזען.

ער האָט אויפמערקזאַם, נאָר גאַנץ גלייכגילטיג אויסגעהערט דזשאָאַנאַ'ן און זיינע שלום-ווערטער:

— מיין לעצטע האָפנונג זענט איהר! אויב איהר וועט מיר אָבזאָגען, מוז איך זיך דאָס לעבען נעהמען, נאָך היינט בּיי נאַכט...

געענטפערט האָט ער אַזוי:

— אַזעלכע זאַכען זאָגט מען ניט. מען טהוט זיי, — און מען טהוט אַ גרויסע נאַרישקייט. אָדער מען טהוט זיי ניט, — און דאַן שטעלט זיך דער, וואָס האָט פּאַראויס געשריען וועגען זעלבסט-מאָרד, אין אַ נאַרישע לאַגע. זייט ניט אויפגערעגט! גלויבט מיר, צייטונגען פּאַלען, נאָר מענשען לעבען ווייטער.

— איהר קענט מיך ניט, סענאַטאָר, און בכלל קענט איהר קיין זשורנאַליסטען ניט, — האָט איהם דזשאָאַנאַ איבערגעשלאָגען די רעד. — אַ זשורנאַליסט, אַזוי ווי אַ שיפס-קאַפּיטאַן בשעת אַ קאַטאַסטראָפע, געהט צו גרונד צוזאַמען מיט זיין שעפּפונג.

— אַח, הערט שוין אויף מיט די דאָזיגע פראַזען, ליעבער דזשאָאַנאַ! בשעת מען רעדט מיט געשעפטס-לייט נוצען זיי צו גאָרניט. איך קען די זשורנאַליסטען בעסער ווי איהר...

און ער האָט געשאָטען וויצלעך און בײשפּיעלען, געפּייניגט דערמיט ריקאַרדאָ'ן, ווי רייכע קאָנען נאָר פּייניגען די אָרימע, וואָס קומען צו זיי הילף בעטען.

דזשאָאַנאַ איז טוידט-בלאַס געוואָרען און געפיהלט, אַז די כחות געהען איהם אויס. דאַן האָט דער סענאַטאָר ענדליך אויפגעהערט שפּאָטען און געפרעגט:

— אין וואָס איינענטליך האַנדעלט זיך דאָ?

— עס האַנדעלט זיך דערין, אַז אויב איך וועל ניט לעזען

אַ זונלעזבאַרע רעטעניש, װעל איך זיך אַ מעשה אָנטהון נאָך הײַנט בײַנאַכט, איך שװער אײַך מיט מײַן עהרע, — האָט ריקאַרדאָ שטיל געזאָגט.

דאָס מאָל איז דער סענאַטאָר װײַזט אױס איבעררעשט געװען פון זײַן טאָן.

— ערקלערט זיך גענױער.

— איך מוז ביז מאָרגען האָבען צעהן טױזענד לירע, — האָט דזשאָאַנאַ אַ זאָג געטהון זיך בעשליסענדיג מיט אַ מאָל.

— ניִשט לײַכט װעט איהר זײ קאָנען געפינען. איך קאָן זײ אײַך ניִשט געבען.

— אױב אַזױ, אַדיע, — דזשאָאַנאַ איז אױפגעשטאַנען.

— װאַרט אַ װײַלע, — האָט איהם אָבגעשטעלט דער סענאַטאָר, אױך אױפשטעהענדיג אַביסעל אונרוהיג. — װאוהין געהט איהר איצט?

— איך געה זוכען ניִשט צעהן, נאָר צװאַנציג און זאָגאַר הונדערט טױזענד לירע. אױב „אואָמאָ" װעט מאָרגען ערשײַנען מיט אַ בעשרײַבונג, װי דער רעדאַקטאָר ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ האָט זיך דאָס לעבען גענומען, װעט דאָס איהם געבען גליק, און דער פערקויף װעט זיך מיט אַ מאָל אַ הױב טהון אפשר ביז הונדערט טױזענד עקזעמפּלאַרען, און דאַן װעט קײנער ניִשט ענטזאָגען געלד צו געבען, אַלע װעלען באָרגען...

— געהט ניִשט אַװעק, געהט ניִשט אַװעק, — האָט איהם דער אַלטער אָבגעהאַלטען, ער איז װירקליך אונרוהיג געװאָרען דורך דעם אױפרײַצענד-רוהיגען טאָן, מיט װעלכען דאָס אַלץ איז געזאָגט געװאָרען. — באַלד װעלען מיר אַ קלער טהון, צי קאָן מען אײַך ניִשט יוי עס איז העלפען. איהר מוזט האָבען צעהן טױזענד לירע, ניִשט װעניגער?

— אַח, איך װײס װירקליך ניִשט, געװיס ניִשט װעניגער! זעקס מוז מען בעצאָהלען פאַר פּאַפּיער, מעהר באָרגען זײ שוין ניִשט... צװײ טױזענד צװײ הונדערט דער דרוקערײַ, אַז ניִשט װעלען זײ אױפהערען צו דרוקען. פונפציג לירע פאַר בראַנקאַטשי, אַז ניִשט װעט ער דעם פעריעטאָן ניִשט ענדיגען. פונפציג לירע

אָט יענעם יונגען פּאָעט, כּדי ער זאָל זײַנע ליעדער געבען נישט דעם „בּאָארד“, נאָר אונז. פיער טויזענד מײַנע מיטאַרבּײַטער, זײַ האָבּען שוין צווײַ מאָנאַטען קײַן גראָשען נישט בּעקומען. צוועלף לירע דעם לאָקאַי!...

דזשאָאַנאַ האָט דאָס אַלץ אויסגערעכענט מיט פערצווײַפלונג און מיט עפּעס אַ שטורמישער בּײַזהײַט. דער סענאַטאָר האָט איהם נישט איבּערגעשלאָגען.

— איך פאָהר מאָרגען אין טורין, — האָט ער ענדליך געזאָגט, — איך וועל זיך דאָרט דורכשמועסען מיט מײַנע פרײַנד, און איך האָף אײַך צו שאַפען אין אַ צווײַ דרײַ וואָכען אַרום אַ צעהן טויזענד... נאָר איך מוז פון אײַך האָבּען אַ וואָרט, אַז „אוּאָמאָ“ וועט זיך נישט אָבּשטעלען.

— איך האָבּ אײַך שוין געגעבּען אַ וואָרט, נאָר אַזוי לאַנג וואַרטען קאָן איך נישט. גיעט מיר מאָרגען פינף טויזענד און איך וועל אײַך מעהר נישט דערעסען.

— דאָס איז אַבּסאָלוט אוּנמעגליך.

— נו, דרײַ טויזענד?

— איך זאָג דאָך אײַך, אַז איך האָבּ נישט.

— אויבּ אַזוי איז נישטאָ וואָס צו רעדען, — האָט דזשאָאַנאַ געזאָגט מיט זײַן פריהעריגען, אויפרײַצענד רוהיגען טאָן.

דער סענאַטאָר, וואָס האָט זיך געהאַט דערשראָקען, איז אויף זיך אַלײַן בּײַז געוואָרען, פאַרוואָס ער בּעאוּנרוהיגט זיך און האָט פערצווײַפעלט אויסגעשריען:

— צוּ'ם טײַוועל, ווי האָט איהר געקאָנט דערגעהן צו אַזאַ לאַגע, וואָלט איך געוואָלט וויסען!

— צי האָבּ איך זיך געקאָנט ריכטען, אַז סעלאַ וועט קראַנק ווערען! איהר ווײַסט גאַנץ גוט, אַז דורך איהם האָבּען די רעכטע און די לינקע פּאַרטײַען געדאַרפט זיך פעראײַניגען און ווערען אײַן נײַע פּאַרטײַ, און אונזער „אוּאָמאָ“ וואָלט געווען דער אָרגאַן פון דער דאָזיגער פּאַרטײַ. אָ, דאַן וואָלט „אוּאָמאָ“ פער־קויפט געוואָרען פונפציג טויזענד עקזעמפּלאַרען און וואָלט זיך נישט גענויטיגט אין געלד...

— און איהר האָט געגריינדעט אַ קאָמערציעלע אונטערנעה־מונג אויף אַ פֿאַנטאַזיע, וואָס איז צעשלאָגען געוואָרען פֿון סעלאָס קראַנקהייט?... אין אַזעלכע געשעפֿטען קאָן מען קיין פֿאַנטאַזיעס נישט האַלטען פֿאַר געשעהענע פֿאַקטען.

דזשאָאַנאַ האָט זיך געפּרובט פֿערטיידיגען, נערעדט וועגען די אַקציאָנערען, וואָס האָבען קיין געלד נישט אַריינגעטראָגען... נאָר ער האָט אַזוי פֿיעל ליגען אָנגעזאָגט, דען ער איז געוואונט געוועזען אָנצונעהמען טרוימען פֿאַר ווירקליכקייט, איצט איז איהם אויסגעקומען צו בעצאָהלען פֿאַר אַלץ, און ער איז געזעסען דערשלאָגען דורך די געשעהענע פֿאַקטען. זעהענדיג זיין פֿערצווייפֿלונג איז זיך דער רייכער אַלטער סענאַטאָר שוין געוועזען ווייך געוואָרען, נאָר ווען ער האָט אויספֿיהרליך פֿאַנאַנדערגעפּרעגט, וויפֿיעל קאָן קאָסטען אַרויסגעבען אַ צייטונג אין רוים און וויפֿיעל פֿערדינענסט זי קאָן געבען, האָט ער נאָר מיט דער האַנד אַ מאַך געטהון און ענטשלאָסען ערקלערט:

— זאָל ער זיך אונטערגעהן, אייער „אויאָמאָ", וואָס אַהרט עס אייך? איך וואונדער מיך אויף אייך ווירקליך, אַ פֿעהיגער מענש און איהר מאַכט זיך אַליין דאָס לעבען שווער. אַרבייט אין אַנדערע צייטונגען און וואַרפֿט אייערע צו'ם טייוועל; איהר קאָנט אומעטום גאַנץ שען פֿערדינען. צי לוינט אייך דעם קאָפּ צו ברעכען, ווי אַזוי צו רעטען אַ צייטונג. וואָס קאָסט אייך אָב יעהרליך, ווי איהר האָט אַליין אויסגערעכענט, הונדערט טויזענד לירע און ברענגט אייך איין נישט מעהר ווי פֿיערציג טויזענד לירע!

דאָס איז געוועזען דער לעצטער קלאַפּ. אינגאַנצען אַ צע־בראָכענער איז דזשאָאַנאַ אויפֿגעשטאַנען און פֿון רעסטאָראַן אַרוים, נישט זעהענדיג קיינעם און כמעט נישט פֿערשטעהענדיג מעהר קיין זאַך. זיינע געדאַנקען האָבען זיך געפּלאָנטערט, אַ געפֿיהל האָט ער געהאַט, ווי ער וואָלט דעם פֿערשטאַנד פֿערלאָרען.

און פּלוצלונג אויף דער גאַס איז עפּעס אַ מערקווירדיגע רוהיגקייט צו איהם צוריקגעקעהרט. אין מוח איז קלאָר געוואָרען, דער געדאַנקען האָט אָנגעהויבען רעגעלמעסיג צו אַרבייטען. ער האָט עפּעס אַרומגעקלערט, נישט רוהרענדיג זיך פֿון אָרט, דער־

נאָך איז ער שנעל אַוועק אין קאַפּע אַראַניאַ זיך צו זעהן מיט פּראַטי׳ן.

מיט אַ ענטשלאָסען געזיכט, מיט גאַנץ זיכערע טריט איז ער אין קאַפּע דורכגעגאַנגען דורך די זאַלען, נישט בעמערקענ־דיג קיינעם פון די פערזאַמעלטע זשורנאַליסטען. אַרום און אַרום האָבען אַלע גערעדט וועגען איהם און וועגען דעם אונבעדינגטען אונטערגאַנג פון זיין צייטונג, נאָר ער האָט גאָרנישט געהערט.

דער צעהיצטער פּראַטי האָט מיט אַ גלאָז פּונש אין האַנד הויך געהאַלטען רעדעס אין אַ קרייז פון שרייבער און זשורנאַליס־טען און האָט נישט בעמערקט, ווי ריקאַרדאָ איז צוגעגאַנגען צו איהם פון הינטען. פּראַטי האָט לײַדענשאַפטליך געליבט דעם „אומאַ״, און איז שרעקליך בייז געווען, פאַרוואָס ער מוז איצט אונטערגעהן, וועהרענד אַנדערע, לויט זיין מיינונג, נישטיגע צייטונ־גען בליהען און ווערען צעהאַפּט ווי זיי ערשיינען נאָר.

— נאָר מיר אַליין האָבען זיך אויסגעוועהלט אַ פּאָליטישען אידעאַל און זיך פעסט געהאַלטען אָן איהם! אַלע אַנדערע צייטונ־גען האָבען זיך אין קאַמפּף אויף אַלע זייטען געדרעהט, נאָר מיר האָבען אונזער פּאָסטען נישט פערלאָזט, מיר האָבען ערהליך אונזער פאָהן געהאַלטען, מיר האָבען אויפמערקזאַם געמאַכט אויף אַל׳דאָס ליבטיגע און גוטע, מיר האָבען דעם לעזער בעקענט מיט די נייעסען פון דער וועלט־ליטעראַטור... ווער האָט בעסער און אונפּאַרטייאישער ווי מיר געגעבען די פּראָטאָקאָלען וועגען די פּראָצעסען אין געריכט?... יאָ, מיינע העררן, מיט אונז האָט מען זיך געמוזט רעכענען, אונז האָט מען נישט געקאָנט אונטערקויפען...

— דזשוליאָ, — האָט איהם דזשאָאַנאַ אָבגעשטעלט, — קום מיט מיר אין רעדאַקציע... ס׳איז נויטיג, קום!

זיי זענען שווייגענדיג געגאַנגען און אויפ׳ן פּלאַץ קאָלאָנאַ איז דזשאָנאַנאַ שטעהן געבליבען בײַ׳ם אַרייננגאַנג אין רעדאַקציע און געבעטען זיין פריינד, ער זאָל אַריינגעהן זיך דערוויסען, ווער פון די מיטאַרבייטער געפינט זיך דאָרט.

פּראַטי איז באַלד צוריקגעקומען און אויסגערעכענט: קאַ־

פּאָני, באָזעלי. זערבי, עפּעס אַ אונבעקאַנטער אַלטער מאַן...

— אַלץ אײנס, לאָ'מיר געהן, — האָט איהם דזשאָנאַנאַ אונגערוּלדיג איבערגעשלאָגען; די רוהיגקײט האָט איהם װיעדער אָנגעהויבען פערלאָזען, דאָס בלוט האָט זיך אָנגעצונדען... דער לעצטער אויסברוך פאַר'ן סוף...

דער ליקער-פערקױפער, װאָס איז געשטאַנען בײ'ם קלײ־טעל געגענאיבער, האָט זײ אָבגעשטעלט:

-- איהר פיהרט מיך, הערר, פאַר די נאָז מיט מײן רעכע־נונג פון צװײ הונדערט צװאַנציג לירע, זײט אַזױ גוט און זאָגט שױן אַ מאָל, װען װעט איהר בעצאָהלען...

— מאָרגען קומט אַרײן! — האָט דזשאָאַנאַ געענטפערט.

— אַלץ מאָרגען און מאָרגען, — האָט דער קרעמער גראָב אויסגעשריען, — שױן דרײ מאָנאַטען הער איך אַלץ דעם זעלבען זמר! פאַרװאָס האָט איהר געטרונקען אַזױ פיעל קאָניאַק און קימעל, אויב איהר קאָנט ניט בעצאָהלען?

דזשאָאַנאַ איז אַרײנגעגאַנגען אין רעדאַקציע אונטער אַ האָגעל פון קרעמערס זידלערײען און דראָהונגען.

װעהרענד פראַטי האָט אין קאַבינעט דעם גאַנז אָנגעצונדען, איז ריקאַרדאָ געפאַלען אויף אַ שטוהל פאַר'ן שרײבטיש... װיעדער בריעף... ער האָט זײ אַפילו נישט געלײענט, און פּלוצלונג איז איהם אָנגעפאַלען אַ אונזיניגע פערצװײפלונג, ער האָט אַ שלײדער געטהון אַ צעקנײטשטען בריעף אויף דער ערד און אָנגעהויבען שרײען:

— צו'ם טײװעל אײך אַלעמען, הינד! — ער האָט מיט בײדע פיס דעם בריעף געטרעטען — איך װיל נישט מעהר קײן זאַך הערען, איך װעל אײך װײזען, נײן...

פראַטי האָט אויפגעהויבען דעם בריעף. דאָס איז געװען אַ רעכענונג פון טאַפּעצירער. פאַר אויסשטאַטען די רעדאַקציע האָט מען נאָך ביז איצט נישט בעצאָהלט. װיעדער זידלערײען, דראָ־הונגען און קללות.

דער גוטער פראַטי האָט געװאָלט בעהאַלטען די דאָזיגע נײע אונאַנגענעהמהײט פון זײן אויסגעפײניגטען פרײנד און זיך

בעמיהט אריינצוזעגען אונבעמערקט דעם טאפעציערערס רעכענונג צו זיך אין קעשענע, נאר דזשאָאנא האָט איהם מיט דער האנד פערהאלטען און ווידער רוהיג געזאָגט:

— לאָז... איצט איז מיר אַלץ איינס.

ער האָט פערדרויכערט און אָנגעהויבען דורכצוקוקען די אבּי־זאצען פון „אואמאָ". פראטי האָט זיך געזעצט שרייבען ביי'ם זעל־בען טיש נעבען איהם. נאר ביידע האָבען אכטונג געגעבען איינער אויפ'ן צווייטען.

— נעפעלט דיר?

— העך.. — ריקארדאָ איז אויפגעשפרונגען. — דו ביזט א גרויסער זשורנאליסט, און איך גלויב אין דיר. אין דיינע הענד גיעב איך איבער מיין „אואמאָ".

— ווארף בעסער ארויס פון קאָפּ די דאָזיגע נארישקייט!— האָט פראטי א געשריי געטהון, אויך אויפשפרינגענדיג,—אָדער איך וועל באלד ארויסשרייען דורכ'ן פענסטער, אז דו ביזט פון זיי־נען אראָב, און וועל צונויפרופען א עולם.

— נארישקייטען. ביזט אליין פון זינען אראָב! — דזשאָאנא האָט ווייך א שמייכעל געטהון.

— נאר דו רעדסט כסדר אלץ דאָס זעלבע, און דער דאָ־זיגער אונזין, איך וועל דאָס נישט פערלאָזען, ווערסט עס נישט טהון... — האָט פראטי געשריען אלץ העכער און העכער און זיך געחאפט פאר'ן טיש מיט ביידע הענד, כדי צו שטערען דזשאָ־אנא'ן דעם שופלאָד אויפצומאכען.

— האָב נישט מורא... וואָס איז מיט דיר? איך וועל נישט בעגעהן קיין זעלבסט־מאָרד, דאָס וואָלט צו נאריש געווען און א טובה פאר מיינע שונאים. לאָז אָב דעם שופלאָד און הער מיך אויס.

— איך וועל פון דיאנען נישט אוועקגעהן, און איך הער דיך... רעד!

— „אואמאָ" קאָן שוין מעהר נישט געהן. דער סענאטאָר האָט ענטזאָגט געלד צו געבען. די קאָנסטיטוציאָנעלע פארטיי, וואָס האָט אונז שטיצע צוגעזאָגט, האָט נעכטען געגעבען א סוב־

סידיע פון דרײַסיג טױזענד דער צײַטונג „פּאַטריאָ". קײן פּאַפּיער גיעט מען שױן נישט מעהר אױף באָרג, די דרוקערײַ ענטזאָגט זיך צו דרוקען, אױב איך װעל מאָרגען נישט בעצאָהלען... אײַך אלעמען האָט מען שױן צװײ מאָנאַטען נישט געצאָהלט, און איהר האָט זיך געאָפּפערט פאַר מיר, פערװעצט אײַערע זאַכען, געלד געשאַפט. איצט איז א סוף... מאָרגען קומט אונז אױס צוצומאַכען די צײַטונג. נאָר אָט װאָס איך האָב אױסגעטראַכט: פאַרטאָג פאָהר איך אין צפון־איטאַליען, און איהר װעט אָהן מיר שאַפען האָטש א קלײנע סומע געלד, כדי אײַנצושטילען די דרוקערײַ, און זעהט האַלט זיך אונבעדינגט א אַכט טאָג, נישט פערמאַכט די צײַטונג. איך װעל אין מאַליאַנד זיך נאָכפרעגען, צוציהען סוחרים, װאָס נױטיגען זיך אין א רעקלאַמע, בעקומען שטיצע פון פערשידענע געזעלשאַפטען, פּאַרטײען, צװאָגענדיג זײ א שטיצע פון מײן צײַטונג, איך װעל פאָהרען אין טורין, אין גענױא, און אין צעהן טאָג אַרום װעל איך צוריקקומען אהער, אלע געשעפ־טען װעלען זײַן אין אָרדנונג, און דאַן — א סוף צו אונזערע אלע צרות.

— איך פערשטעה... — האָט פּראַטי אױסגעקרעכצט.— נאָר פאַרװאָס האָסטו פריהער װעגען דעם נישט א טראַכט געטהון?

— גליקליכע געדאַנקען קומען אָפט פאַר'ן טױדט,— האָט דזשאָאַנאַ געזאָגט ערנסט, נאָר גלײך האָט ער זיך צעלאַכט: — איך האָב א שפּאַס געמאַכט, האָב נישט מורא, צו װאָס זאָל איך שטאַרבען? איך בין פול מוט און גלױבען אין דער צוקונפט... איצט איז מיר אַזױ קלאָר, אַז דער פונדאַמענט פונ'ם גליק פון א צײַטונג מוז דאָך זײַן א קאָמערציעלע ספּעקולאַציע, און נישט קײן פּאָלי־טישע אידעע... דערװײַל גיעב איך אלץ איבער אין דײַנע הענד און מאָרגען פאָהר איך. דאָס, װאָס דו װעסט טהון פאַר „אואָמאָ", איז געװאַלדיג גרױס, דערפאַר איז זאָגאַר נישט מעגליך צו דאַנקען, דאָס װעט אונז בײדען צװאַמענבינדען אױף אײביג, ביז'ן סאַמע טױדט, זאָגאַר אױף יענער װעלט. און איצט בעט איך דיך, זאָמעל צונױף אלע קאָלעגען, איך װיל רעדען מיט זײ פאַר מײַן אָבפאָהר און אָפיציעל פון זיך די פאָלמאַכט אָראָבלעגען.

— גוט, איך געה גלייך נאָך זיי... נאָר איך וועל מיטנעהמען מיט זיך דעם רעוואָלווער פון שרייבטיש.

— נעהם! איך דאַרף איהם נישט! — האָט דזשאָאַנאַ ערקלערט גאַנץ רוהיג, אַזוי רוהיג, ווי ער האָט שוין לאַנג נישט געהערט די גאַנצע לעצטע צייט. פראַטין איז זאָגאַר דורכגעפלויגען אַ געדאַנק נישט מיטצונעהמען דעם רעוואָלווער, — זאָל ער זיך ליגען אין שופלאָד! נאָר די אַנגעבוירענע פאָרזיכטיקייט האָט בעזיגט זיין מאָמענטאַלען בעשלוס, און ער האָט גענומען דאָס געוועהר און עס צו זיך אין קעשענע אַריינגעלעגט.

— גלייך וועל איך אַלעמען צונויפרופען.

געבליבען אַליין האָט דזשאָאַנאַ קודם כל פון דער וואַנד אַראָפגענומען איינע פון די דועל-פיסטאָלעטען, וואָס זענען געהאַנגען צוזאַמען מיט שווערדען און ראַפירען. דערנאָך האָט ער פון שופלאָד אַרויסגענומען רעוואָלווער-פאַטראָנען און אָנגעהויבען פאָרזיכטיג אַרויסגראַבלען פון זיי די קויהלען און אויפקלייבען דעם פולווער. ווען ער האָט שוין געהאַט דערפון גענוג אָנגעקליבען אויף אויסצושיטען, האָט ער אָנגעלאָדען דעם פיסטאָלעט, אַריינגעשטעקט אין איהם אַנשטאָט אַ — סטרעזאָ'ס צונויפגעקנייטשטען אַרטיקעל און געשיקט דעם לאָקאַי אין טאַבאַק-געוועלבעל צו ברענגען ביקסען-פיסטאָנען.

מיט'ן פיסטאָלעט אין קעשענע איז דזשאָאַנאַ צוריקגעגאַנגען אין קאַבינעט צו'ם שרייב טיש. באַלד וועט מען די פיסטאָנען ברענגען... אַ מערקווירדיג געפיהל האָט איהם אָנגעחאַפט, — אַ שמחה, אַז אַ כעס פון דעם בעוואוסטזיין, אַז דער סוף איז געקומען און באַלד מוז ער אומקומען אין קאַמפף. ער האָט וועגען אַלץ אַ ביסעל געקלערט: וועגען די געפיהלען פון טוירדט, וועגען דעם פריערען, וואָס ער וועט איהם געבען, וועגען דעם אַרטיקעל, וואָס וועט נאָך מאָרגען מיטטיילען וועגען זיין זעלבסטמאָרד... און אַ לייַדענשאַפטליכער וואונש האָט איהם אָנגעחאַפט, אָנצושרייבען אַליין עטליכע ווערטער, אויסגיעסען די געפיהלען פון אַ זשורנאַליסט, וואָס שטאַרבט צוליעב זיין זאַך. ער האָט גענומען די פעדער און אָנגעשריבען די עטליכע ווערטער אין שענע קלינ-

גענדרע פראזען:

„איך וויל נישט, אז אנדערע זאלען וועגען מיין טוידט מיט־טיילען. איך פאל צוזאמען מיט מיין צייטונג, אזוי ווי א שיפס־קאפיטאן קומט אום צוזאמען מיט זיין שיף" א. א. וו., א. א. וו. אין דעם זעלבען ארט.

ער האט אנגעשריבען דעם דאזיגען לעצטען ארטיקעל זיינעם מיט היץ, מיט ליידענשאפט, מיט איין מאך מיט דער פעדער, עס עטליכע מאל איבערגעלייענט מיט פערגניגען, אליין אנגעצייכענט צו זעצען מיט א גרעסערען שריפט און זיך פארגעשטעלט, ווי אנ־דערע צייטונגען וועלען דאס איבערדרוקען.

ער האט געהאט אזא געפיהל, ווי דאס גאנצע לעבען געהט שנעל אוועק און באלד איז דער סוף. ער האט פערראוכערט און אנגעהויבען אויף גיך אויפצוקלייבען זיינע פאפיערען; ער האט זיי געהאט אנגעהויבען פערברענען, נאר דער צימער איז מיט רויך פול געווארען. ליעבעס־בריעף... זייטלעך פון זיין לעצטען ראמאן. נישט איבערלייענענדיג זיי האט ער זיי צעריסען אויף קליינע שטיקלעך און זיי ארויסגעשליידערט דורכ'ן פענסטער. דאס גלייכען האט ער צעריסען און צעשפרייט מיט'ן ווינד א מענגע אונבעצאהלטע רעכנונגען, און חוצפה'דיגע בריעף פון קרעדיטא־רען, דערנאך האט ער עפעס מיט א ווילדען דורשט צו פערניכ־טען אנגעהויבען רייסען אלץ, וואס איז איהם אין די הענד אריינגעפאלען, אפילו עס נישט דורכקוקענדיג.

דאס האט איהם בערוהיגט. ער איז צוריקגעגאנגען צו'ם שרייבטיש און אנגעשריבען צו פראטי'ן א געזעגען־בריעף מיט א ביטע איהם מוחל צו זיין פאר זיין אבנארעריי און מיט א געבעט צו שטיצען „אוואמא" און נישט לאזען איהם אונטערגעהן. אויך האט דושאאנא אנגעשריבען בריעף צו זיינע איבעריגע קאלעגען און מיטהעלפער, אלץ פערקלעבט אין איין גרויסען קאנווערט צו־זאמען מיט זיין נעקראלאג, און אויפגעשריבען אויפ'ן קאנווערט:

„איבערגעבען דעם מעטראנפאזש אויף מארגען פריה". דעם קאנווערט האט ער אויעקגעלעגט נעבען טינטער אויפ'ן געווערהנליכען ארט, וואו דער מעטראנפאזש פלעגט אלץ

טאָג נעהמען זײַנע קאָפּיעס אין בײַטאָג אין בײַנאַכט פֿאַר בײדע אויסגאַבען.

אין צימער דערנעבען האָבען זיך דערהערט טריט, הויך רעדען. דאָס האָבען זיך די מיטאַרבײַטער פֿערזאַמעלט. פֿראַטי איז אַרומגעפֿאָהרען אין די רעסטאָראַנען און קאַפֿענען און געבראַכט צו פֿיהרען וועמען ער האָט געטראָפֿען.

אַלע האָבען גערעדט וועגען דאָס זעלבע — וועגען דער פֿאָרשטעהענדער קאַטאַסטראָפֿע, וועגען דעם אונטערגאַנג פֿון דער צײַטונג און וועגען דעם זעלבסטמאָרד פֿון רעדאַקטאָר. פֿראַטין האָט מען פֿערוואָרפֿען מיט פֿראַגען: אין וואָס פֿאַר אַ צושטאַנד געפֿינט זיך דער רעדאַקטאָר? וואָס טהוט ער? וואָס טראַכט ער? מען טאָר איהם נישט אַליין לאָזען...

— אויסערליך איז ער רוהיג, — האָט פֿראַטי געענטפֿערט, — און גרייט זיך מאָרגען פֿריה צו פֿאָהרען אין מאַילאַנד. נאָר נאַטירליך מוז מען אויף איהם שטאַרק אַכטונג געבען... איך האָב אַליין מורא...

— אפילו דווקא האָט מיר הײַנט געראַטען, מען זאָל איהם נישט איבערלאָזען אײַנעם אַליין, — האָט דער טעאַטער-קריטיקער סטרעזאַ ערקלערט. — לאָמיר איהם פּרוווען איבערצײַגען, אַז מען קאָן און מען מיז איבערלעבען דעם אונטערגאַנג פֿון „אוּאָמאָ“...

— אַלענפֿאַלס האָב איך בײַ איהם דעם רעוואָלווער צוגענומען... — האָט פֿראַטי אַלעמען בערוהיגט.

אַזוי האָבען זיי זיך בעראַטען, ווען דזשאָאַנאַ האָט אויפֿגעעפֿענט די טהיר פֿון קאַבינעט אין העל-בעלויכטענעם עמפּפֿאַנגס-צימער און איז אַרײַנגעקומען מיט פֿלעשער קימעל אין די הענד. פֿיעל האָט ער און זײַנע קאָלעגען אויסגעטרונקען דעם דאָזיגען קימעל און קאָניאַק צווישען די דאָזיגע ווענד, ווען „אוּאָמאָ“ האָט אָנגעהויבען צו ערשײַנען און אין די ערשטע טעג פֿון זײַן עקזיסטענץ. איצט וועלען זיי אויך צוזאַמען די לעצטע פֿלעשער אויסטרינקען...

פֿראַטי האָט לויט ריקאַרדאָ'ס ביטע געבראַכט נאָך צוויי פֿלעשער קימעל פֿון קאַבינעט.

מאַלגאַניאָ האָט זיך צוגעזעצט צו'ם פּיאַניגאָ און אָנגעהויבען

בען שפּילען אַ אַריע פון אַ אָפּערעטע... אַלעמען איז געווען אונ־בעקוועם און שרעקליך. מען האָט נישט געוואוסט אויף וואָס מען זאָל זיך ריכטען.

— אָט איז הונדערט פופציג ליר, וואָס איך האָב דיר צוגעזאָגט צו שאַפען, — האָט סטרעזא געזאָגט שטילערהייד, צוגע־הענדיג צו דזשאָאַנאַ'ן.

— גיעב זיי אָב פּראַטי'ן! — האָט ריקאַרדאָ עפּעס מאָדנע אַ שמייכעל געטהון. — איהר וועט מאָרגען מוזען בעצאָהלען אין דרוקעריי, כדי מען זאָל נישט אויפהערען דרוקען.

— ניין, נעהם, נעהם דאָס געלד, — האָט זיך פּראַטי אַריינ־געמישט, — מיר וועלען זיך שוין ווי עס איז בעגעהן, און דיר איז ביליגער אויף הוצאות.

— איך וועל מיך נישט שפּאַרען...

און ווידער איז שטיל געוואָרען, ווידער האָט זיך געפיהלט עפּעס נישט דערזאָגטעס.

— דו קומסט אום אַלס קרבן פון דיינע איבערציי־גונגען!

— האָט אונגעריכט אויסגעשריען באַגאַטי, צוגעהענדיג צו דזשאָ־אַנאַ'ן.

— מעגליך! — דזשאָאַנאַ האָט קראַמפּפהאַפט אַ שמייכעל געטהון, און ס'איז שרעקליך געווען צו קוקען אויף איהם, שרעקליך פון דעם דאָזיגען פריערענדען שמייכעל.

די מיטאַרבייטער האָבען זיך גרופּענווייז געסוד'עט. ריקאַר־דאָ האָט דורכגעקוקט דעם לויפענדען מאַטעריאַל פאַר'ן קינפטי־גען נומער.

— וועגען וואָס רעדט איהר? — האָט פּראַטי געפרעגט די קאָלעגען, צוגעהענדיג צו איין גרופּע.

— וועגען נאַרנישט! — האָט זיך באַגאַטי צעבייזערט. — איך שווער דיר, אַז ער איז גאַנץ רוהיג און קלערט אפילו גאָר־נישט וועגען זעלבסטמאָרד. מען קאָן זיך באַלד צעגעהן אַהיים און זיך גאַנץ רוהיג אויסשלאָפען.

דאָך איז זיך קיינער נישט צעגאַנגען. אַ שרעקליך פאַרגעפיהל האָט זיי נישט אויפגעהערט צו נאָגען.

דזשאָאַנאַ האָט אַלץ געלאַכט מיט אַ אונגאַטירליכען, קורי־צען, געמאַכטען געלעכטער. אַ שרעק האָט איהם אָנגעחאַפּט־טאָמער וועט מען בעמערקען דעם אָרגאַן פון טוידט, וואָס ליעגט ביי איהם אין קעשענע.

ווידער האָט זיך די טהיר געעפענט און ס׳איז אריינגעקומען בערטאַרעלי, אַ מיטאַרבייטער פון „באיארד". מאַלגאַניאָ האָט אויפ־געהערט שפּילען. מען האָט געוואַרט, וואָס דער אָנגעקומענער וועט זאָגען.

— גאַנץ רוים רעדט, — האָט ער געזאָגט, — אַז די וואָך וועט „אוּאָמאָ" אויפהערען צו ערשיינען, און דזשאָאַנאַ וועט זיך דאָס לעבען נעהמען.

איין ווײַלע האָט געהערשט אַ טוידט־שטילקייט. פּראַטי האָט אַ קוק געטהון אויף ריקאַרדאָ׳ן, וועלכער האָט געענטפערט קאַלט און קורץ:

— זאָג אַלעמען, וועלכע האָבען דאָס דיר געזאָגט, אַז זיי האָבען פאַלשע ידיעות בעקומען. דו וועסט נישט זיין אויף דער לויה פון „אוּאָמאָ", און אויף מיין לויה אויך נישט.

אפילו דעם יונגסטען פון די מיטאַרבייטער, סטרעזאָין, האָט אַ אונרוהיגקייט אָנגעחאַפּט; ער האָט אָנגעהויבען איבער׳ן צימער אַרומגעהן און זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. ענדליך איז ער אַריין אין קאָרידאָר, אויפגעזוכט דעם לאָקאַי און אָנגעהויבען איהם אויסצופרעגען, וואָס דער רעדאַקטאָר האָט געטהון צווישען אַכט און צעהן אוהר, ווען קיינער איז אין דער רעדאַקציע נישט געווען.

— וואָס ער האָט געטהון? דאָס זעלבע, וואָס שטענדיג, געלייענט, געשריבען... וואָס קאָן איך וויסען! — האָט זיך דער לאָקאַי פּאָמפּעזע אויסגערעדט.

— האָסט נישט בעמערקט קיין אונגעוועהנליכע זאַך? ער האָט דיך נישט געשיקט נאָך עפּעס?

— געשיקט... וואָס דען... נאָך פּילולען...

— וואָס פאַר אַ פּילולען? פון אַפּטייק?

— ניין... נישט נאָך פּילולען, נאָר נאָך פּיסטאָלען צו אַ

פּיסטאָלעט.

סטרעזאַ איז אַריינגעפאַלען אין רעדאַקציאָנס-צימער, אַרויס-געריסן פּראַטיזן און איהם אַלץ דערצעהלט.

— היט איהם איהר אָב, און איך וועל דערווייל זעהן ברענ-גען אהער עמיצען. מען מוז עפּעס בעשליסען, — האָט ער גע-זאָגט אַרויסלויפענדיג פון דער רעדאַקציע.

אין וואַרטע-צימער האָבען באַגאַטי, בערטאַרעלי, מאַלגאַניאָ געשמועסט האַלב שטיל, איבערצייגט, אַז אין גיכען מוז אַ קאַטאַ-סטראָפע געשעהן. זיי האָבען אַרומגערעדט די חסרונות און די מעלות פון רעדאַקטאָר און פון דער צייטונג, ווי אויך פון יעדען מיטאַרבייטער כסדר. נאָך דעם אַלעם, וואָס איז גערעדט און גע-טהון געוואָרען אין משך פון דעם דאָזיגען גאַנצען טאָג, האָט אויסגעוויזען, אַז עס איז אונמעגליך, דאָס די לאַגע זאָל קאָנען בלייבען אין דעם ביזהעריגען צושטאַנד.

— מיר האָבען דאָ גאָרנישט וואָס צו מאַכען! — האָט בערטאַרעלי ענדליך ערקלערט. — ס'איז אונמעגליך דושאָאַנאַ'ן חייטער אָבצוהיטען. דאָס איז שוין אַ געענדיגטער מענש. עס בלייבט איהם נישט קיין אַנדער זאַך ווי זיך דאָס לעבען צו נעהמען.

סטרעזאַ איז אַריינגעקומען אַ פערסאָפּעסער. ער האָט גע-בראַכט צו פיהרען מיט זיך דעם דעפּוטאַט סינעבאַלדי און דעם ענגלישען פּובליציסט וואוד.

די אָנגעקומענע האָבען זיך אויף דער סאָפע געזעצט און אָנגעהויבען שמועסען וועגען גלייכגילטיגע זאַכען. נאָר וואוד האָט לאַנג נישט געקאָנט אויסהאַלטען אין דער אָנגעשטרענגטער לאַ-גע, ער האָט זיך פּלוצלונג געווענדעט צו דושאָאַנאַ'ן און איהם אַ פרעג געטהון:

— איהר האָט קיין געלד נישט? שטעלט אָב אייער צייטונג, דאָס איז דער איינציגער אויסגאַנג.

— אַזוי טהוט מען אין ענגלאַנד? — האָט דושאָאַנאַ געזאָגט מיט אַ איראָנישען שמייכעל.

— אָהן צווייפעל.

— מיר לעבען מעהר מיט'ן האַרצען. עס קאָן אפשר זיין,

דאָס איז נישט פּראַקטיש, נאָר וואָס זאָל מען טהון?

— מען מוז קאָנען דעם אונגליקליכען איבערטראַכטען? שטעלט אָב די דאָזיגע צייטונג און עפענט אויף אַ נייע, אין אַ גוטער שעה בּיי גינסטיגע בּעדינגונגען.

דער דעפּוטאַט סינעבּאַלדי האָט אויך דאָס זעלבּע בּעשטעטיגט.

— זייט זיך מודה, מיין טייערער, אַז אייער צייטונג פּאַסט נישט צו היינטיגער צייט: זייט זיך נישט מצער וואָס זי געהט אונטער. וואַרפט אַוועק פון זיך די פאַלשע חרפה. קיינער וועט אייך נישט בּעשולדיגען אין דעם אונטערגאַנג פון „אוּאָמאָ״... אייך איז אַ אונגליק געשעהן, דאָס איז אמת, דאָך האָט איהר זיך פערשאַפט אַ פּאָזיציע, אויסגעאַרבּייט פאַר זיך אַ אייגענאַרטיגע ספּערע לעזער. פון איצט אָן זענט איהר געוואָרען אַ זעהר בּעדייטענדע פּערזענליכקייט, נאָך וועלכער עס וועלען אין גיכען נאָכלויפען אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען. דאַן קאָנט איהר אָנהויבּען אַרויסצוגעבּען אַ נייע גרויסע צייטונג, וואָס וועט געשטיצט ווערען דורך דער אָדער יענער פּאַרטיי. און דערוויילע שיידט זיך פון אייער אויסגעהאָדעוועט קינד. לעבּען קאָן עס נישט. דאָך איהר וועט נאָך לעבּען און בּליהען.

— אַ דאַנק פאַר דער עצה און פאַר אַ גוט וואָרט, — האָט דזשאָאַנאַ געענטפערט. — נאָר איך פערזיכער אייך, אַז נישט איך, נישט מיין קינד וועלען מיר נישט שטאַרבּען... מאָרגען פאָהר איך קיין ווענעדיג, קיין טורין; דאָרט וועל איך שאַפען דאָס געלד, וואָס איז מיר איצט אַזוי נויטיג, און דערנאָך וועט זיך שוין „אוּאָמאָ״ אַ עצה געבּען.

— איך ווינש אייך גליק... — האָט סינעבּאַלדי אַ מורמעל געטהון, ער האָט אַליין נישט געוואוסט וואָס צו קלערען וועגען די דאָזיגע פּלענער.

דזשאָאַנאַ האָט זיך געפיהלט אָהן אַ שיעור ערמיעדעט, איהם האָט זיך אַזוי געוואָלט זיך פערגעסען, דערטרונקען ווערען אין ים פון נישט־זיין, און דערוויילע האָט מען איהם מיט אַלערליי מיטלען אויפ׳ן בּרעג פערהאַלטען; און דער רעזולטאַט דערפון איז געוועזען דאָס, אַז אין דער מינוט האָט זיך איהם שוין נישט

גערוכט, אַז גלייכצייטיג מיט'ן טוידט פון „אוּאָמאָ" מוז ער אויך אונבּעדינגט שטאַרבּען. אַלע געפיהלען אין איהם זענען זיך צעשוואומען, עס איז נאָר געבּליבּען אַ מיעדקייט נאָך דעם שרעקליך איבּערלעבּטען טאָג. און כּדי זיך ווי עס איז צו האַלטען אויף די פיס בּיז טאָג, האָט ריקאַרדאָ אָנגעהויבּען אַרומצוגעהן הין און צוריק איבּער'ן צימער.

אין אַגעוויסער מינוט איז ער צוגעגאַנגען צו זיין שרייבּטישעל. בּיז נישט לאַנג נאָך איז דאָס געווען זיין טראָן, איצט וועט עס פאַר איהם ווערען אַ מתים-אָרון. זיין בּליק איז געפאַלען אויפ'ן געלען קאָנווערט. אין איהם האָט ער אַריינגעלעגט דעם טוידט-אורטייל אויף זיך אַליין. אַ פיערטעל שטונדע איז פערבּיי, נאָך איינע ... די טהיר האָט אַ סקריפּע געטהון, און צימער איז אַריינגעקומען דער מעטראַנפּאַזש צו נעהמען מאַטעריאַל צו'ם זעצען. ריקאַרדאָ האָט מעחאַניש איהם דערלאַנגט דעם געלען קאָנווערט, נאָר קוים האָט ער איהם דערזעהן בּיי'ם מעטראַנפּאַזש אין די הענד, האָט ער אַ ציטער געטהון, דאָס בּלוט האָט איהם בּיז צו די שלייפען אַ זעץ געטהון.

— ניעט מיר דאָס צוריק, — האָט ער שטיל געזאָגט, — דערווייל איז גאָרנישטאָ צו'ם זעצען. פילייכט פאַר טאָג וועל איך אייך צושיקען אַ פּאָר שורות.

דער מעטראַנפּאַזש איז אַרויסגעגאַנגען. ריקאַרדאָ האָט געהאַלטען אין האַנד דעם מורא'דיגען קאָנווערט. איבּער זיין געוויכט זענען קראַמפּפּען דורכגעלאָפען, אויפ'ן געדאַנקען זענען איהם אַרויפגעקומען די לעצטע ווערטער פון זיין שטאַרבּענדען פאָטער: „זעה, ווי זשורנאַליסטען שטאַרבּען, אונזער אַרבּייט טוידט אונז". די דאָזיגע ערינערונג האָט פאָלשטענדיג אָבּגעשוואַכט דעם פערצווייפעלטען בּעשלוס. ער האָט אַ חאַפּ געטהון די פעדער און האָט כּמעט אונבּעוואוסטזיניג עטליכע שורות אָנגעשריבּען.

פון סאַמע אין דער פריה האָבּען די מיטאַרבּייטער פון „אוּאָמאָ" זיך פערזאַמעלט אויף דער סטאַציע זיך צו געזעגענען מיט'ן רעדאַקטאָר. דזשאָאַנאַ איז צווישען זיי געשטאַנען ווי אַ אויטאָמאַט, פאַר אַלעמען איז ער שוין אַ טוידטער געווען; עס איז

שרעקליך געווען צו קוקען אויף זיינע איינגעפאלענע באקען און רויטע אויסגעפייניגטע אויגען.

ריקארדא האט זיך לאנג געזעגענט מיט יעדען בעזונדער און האט זיך אפילו נישט בעמיהט איינצוהאלטען דאס שלאכצען, דערנאך איז ער אין וואגאן אריין און זיך ביי'ם פענסטער געשטעלט. אין דער לעצטער מינוט האט ער פראטי'ן אהן ווערטער דערלאנגט דעם געהיימניספולען, געלען קאנווערט. מען האט פערשטאנען, אז ער ענטהאלט זיין לעצטען ווילען.

ערשט אין דער רעדאקציע האט זיך פראטי בעשלאסען איהם צו עפענען. ערשטוינונג, צארן, פערארבטונג האבען זיינע אויגען אויסגעדריקט. מיט צוגעפרעסטע ליפען האט ער דעם בויגען פאפיער דערלאנגט זיין נעהנטסטען קאלעגע, דער האט דאס איבערגעלייענט און עס וויעדער א צווייטען דערלאנגט. און אזוי האבען דאס שווייגענדיג אלע דורכגעלייענט:

„צוליעב סיבות, וואס זענען פון אונז נישט אבהענגיג, ווערט אבגעשטעלט די אויסגאבע פון דער צייטונג „אומאמא קע רידע". די רעדאק-ציע".

— האמא עסט: ניל הומאני אב עא אליענום פוטא *), — האט בערטארעלי פיליזאפיש געזאגט.

---

## V.

## דער גאלד-גרוב.

ריקארדא דזשאנא האט אויסגעשטרעקט די האנד, וואס איז געווען בעפוצט מיט א דיאמאנטען-רונג, און האט אנגעקלונגען. עס איז אריינגעקומען דער לאקאי אין א גראנאטפארביגער ליווריע, זיינע טריט זענען פערשוואונדען געבליבען אין ווייכען דיוואן.

---

*) א מענש איז ער: און אלץ, וואס איז מענשליך, איז איהם נישט פרעמד.

— דעם ביולעטען, — האט ריקארדא ארויסגעגעבען א בעפעהל, נישט אויפהויבענדיג דעם קאפּ.

אין א מינוט ארום האט איהם דער לאקאי דערלאנגט אויף א זילבערנעם טאץ דעם ביולעטען, א בריעף און א וויזיט־קארטע.

נישט עפענענדיג דעם בריעף און א קוק טהוענדיג צעשטרייט אויף די וויזיט־קארטע, האט דזשאאנא ערקלערט, אז ער בעט, ראס דער הערר ציםאלא זאל אונטערווארטען.

און ווידער האט זיך אהן געראויש פערמאכט די מיט גרויען סאמעט אומגעשלאגענע טהיר, און אין דער טיעפער שטילקייט האט ריקארדא דזשאאנא, דער רעדאקטאר און ארויס־געבער פון דער צייטונג „טעמפאָ“, אנגעהויבען דורכצוזעהן דעם ביולעטען (פערצייכניש) פון די אבאנענטען. ביז הונדערט טויזענד אבאנענטען האט נאר געפעהלט נאך הונדערט צוואנציג. און אט שוין העכער פון צוויי מאנאטען ווי ער קעמפפט צו בעקומען די ראזיגע קיילעכדיגע צאהל, — הונדערט טויזענד אבאנענטען.

— נאך הונדערט צוואנציג עקשנים ווילען מיין „טעמפאָ“ נישט לייענען, — האט זיך דזשאאנא צעביזערט, און גלייכצייטיג האט ער געטראכט, מיט וועלכע מיטלען ער וועט קאנען נאך פערגרעסערען די צאהל לעזער.

— אפשר איז צו ווייניג טעלעגראמען פון דער פראווינץ? — דזשאאנא האט גלייך אנגעשריבען עטליכע דעפעשען צו זיינע פראווינציעלע מיטארבייטער.

— און אפשר איז די חראניק צו ווייניג אינטערעסאנט? — גוטע רעפּארטערען איז אזוי שווער צו שאפען!

ער וועט ארייןרופען דעם ראזיגען ציםאלא, — אפשר וועט ער קאנען צו עפּעס צו ניץ קומען.

ציםאלא האט זיך געהאלטען פאר א ליטעראט און גע־שטרעבט צו דיענען נאר דער ריינער קונסט אליין. ער איז ארייג־געקומען, אביסעל פערלעגען און צעמישט דורך דער פראכט און שענהייט פון קאבינעט און דעם ערנסטען אויסזעהן פון רעדאק־טאר, דאך האט ער נישט אהן ווירדע געזאגט:

— איִהר האָט שוין זיִכער געהערט וועגען מיִר ? דערצו נאָך איִז דער דעפּוטאַט געלעטאָ געוועזען אַזוי גוט און מיִר אָנגע־ שריִבען אַ רעקאָמענדאַציאָנס־בריִעף, וועלכען איִך האָב צוגעלעגט צו מייִן וויִזיִט־קארטע... איִהר האָט איִהם געלייִענט ?

— דעם בריִעף האָב איִך נאָך ניִשט געלייִענט, —האָט דער רעדאַקטאָר געענטפערט טרוקען און האָט ערשט איִצט דעם קאָנווערט געעפענט.

ציִמאַלאַ האָט איִהם נייִגיִעריִג בעטראַכט. אָט דאָס איִז עס יענער אויסגעוועהלטער דורכ'ן שיִקזאַל. דער בעריִהמטער זשורנאַ־ ליִסט ריִקאַרדאָ דזשאָאַנאַ! ווי שען האָט ער איִן זייִן יוגענד גע־ מוזט זייִן! און איִצט, ווי מיִעד, ווי אָבגעוועלקט איִז זייִן געזיִכט. און ווי אייִזקאַלט איִז דער אויסדרוק פון זייִנע אויגען. אַזוי ווי אַ פערשטייִנערטע לאַווא!

— יאָ, געלעטאָ לויבט אייַך זעהר, — האָט זיִך דזשאָאַנאַ אָבגערופען, — איִהר וואָלט וועלען אַרבייִטען איִן „טעמפאָ” ?

— איִך וואָלט דאָס וועלען...

נאָר פון דעם ווייַטערדיִגען געשפּרעך האָט זיִך דזשאָאַנאַ איִבערצייִגט, אַז ציִמאַלאַ פּאַסט ניִשט צו פאַר זייִן צייַטונג. איִהם איִז נויטיִג געווען אַ גוטער, געשיִקטער רעפּאָרטער, און מעהר גאָרניִשט. און יענער האָט זיִך געהאַלטען פאַר אַ ליִטעראַט, גע־ טרוימט וועגען קונסט, איִהם פאָרגעלעגט נאָוועלען, ליִעדער...

דער גרויסער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער האָט איִהם אָבגע־ פּטר'ט טרוקען, אַפּילו קייִן קוק ניִשט געטהון אויף די זאַכען, וואָס דער אונגליִקליִכער האָט איִהם געוואָלט געבען אויף דורכצוזעהן.

אַלץ ניִשט דאָס און ניִשט דאָס... דזשאָאַנאַ האָט זיִך וויִע־ דער דעם קאָפּ געבראָכען, ווי אַזוי קאָן ער צוציִהען ביִז הונדערט טויזענד אַבאָנענטען.

נאָך מיִט צוויי מאָנאַטען צוריִק האָט ער בעשטעלט אַ שענעם שיִלד: ט ע מ פ אָ — ה ו נ ד ע ר ט ט ו י ז ע נ ד אַ ב אָ־ נ ע נ ט ע ן. ער האָט איִהם געוואָלט אַרויסשטעלען אויפ'ן באַלקאָן פון רעדאַקציאָנס־לאָקאַל, כדי איִן אָווענד זאָלען די גרויסע אותיות זיִך מיִט ליִכט אָנציִנדען. שוין צוויי מאָנאַטען ווי אַלץ איִז גרייט,

נאָר בײַז איצט האָט ער נאָך קײן רעכט נישט זײַן אויפשריפט אַרױסצוהענגען.

און אפשר זאָל ער געבן דרײַ ראָמאַנען אָנשטאָט צװײ, אפשר װעט דאָס צוציהען די לעזער?

דער סעקרעטאַר איז אַרײַנגעקומען מיט אױסגעשניטענע שטיקלעך פון צײַטונגען. מיט אַ רױטען בלײַפעדער זענען געװען אונטערגעצײַכענט די שטעלען, װאו מען האָט דעם „טעמפאָ“ געזידעלט, מיט אַ בלױען — װאו מען האָט איהם געלױבט.

דזשאָאַנאַ האָט אַלע טאָג אַלײן דורכגעקוקט די דאָזיגע צײַטונגס-שטימען. צום ערשטען איז געװען פ... בלױע, נאָר װען דער „טעמפאָ“ האָט אָנגעהױבען זיך גװאַלדיג אַרױסצורוקען איבער די איבעריגע צײַטונגען, װען די צאָהל פון די אַבאָנענטען איז געװאַקסען כמעט פון שעה צו שעה, איז די צאָהל פון די בלױע בעמערקונגען אַלץ װעניגער און װעניגער געװאָרען. עס האָבען זיך אָנגעהױבען שיטען שטעכװערטלעך, שמערצענדע װיצען, דזשאָאַנאַ האָט זײ גלײַכגילטיג געלײענט און קײנמאָל אויף זײ נישט געענטפערט. ער האָט נאָר סאַרקאַסטיש אַ לאַך געטהון.

װי אומגעביטען האָט זיך יענער אַמאָליגער ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ! עס איז אין איהם גאָרנישט געבליבען פון דעם שטאָלצען, לײַדענשאַפטליכען יונגען מאַן, װעלכער איז גרײט געװען זיך אָנצינדען בײַ יעדער געלעגענהײַט. עס איז אין איהם גאָרנישט געבליבען פון יענעם זשורנאַליסט, װעלכער האָט זיך צװײ מאָל אויף דועלען געשלאָגען, כדי צו בעשיצען זײַנע פאָליטישע מײנונגען, װאָס ער האָט אַרױסגעזאָגט אויף די שפאַלטען פון „באַיאַרד“. עס איז אין איהם גאָרנישט געבליבען פון דעם אױסגעצײכענטען רעדאַקטאָר פון דער געזעלשאַפטליכער חראָניק אין „קװאַזימאָדאָ“, װעלכער איז גרײט געװען זיך צו שיסען פאַר יעדען אונפאַסענדען בליק, פאַר יעדען נישט איהם געשענקטען שמײכעל. עס איז אין איהם גאָרנישט געבליבען אויך פון רעדאַקטאָר פון „אוּאָמאָ קערידע“, װעלכער האָט אַזױ העלדיש אויף אַ דועל מיט שיוערדען אַרױסגערופען אַ געגנער, װעלכער איז אויף דער גאַנצער װעלט בעריהמט געװען אַלס אונפּערי-

גלייכבארער מייסטער אין פעכטען זיך. א אייזקאלטע דעקע פון גלייכגילטיגקייט און סקעפטיציזמוס האט ארומגעפאנצערט דאס ראזיגע, ביז נישט לאנג אזוי הייס קלאפענדע הארץ. איצט האט ער זיך געמאכט ווי נישט הערענדיג אלערליי בעלעדיגונגען, דער „טעמפא" אבער איז זיך זיין וועג געגאנגען, זיך אויף קיינעם נישט אומקוקענדיג.

דאס ראזיגע עקשנות'דיגע שווייגען האט געצוואונגען אלע פיינדליכע צייטונגען אויך פערשוויגען צו ווערען. דען ווי אזוי קאן מען פאלעמיזירען, בשעת דער געגנער ענטפערט נישט אפילו אויף די צו'ם שטארקסטען בעלעדיגענדע בעמערקונגען? דאך צייטענווייז האט א גוט געציעלטער קויל ריקארדא'ן אין סאמע הארץ געטראפען און איהם שמערצליך פערוואונדעט. דאס האט געטראפען דאן, ווען עמיץ האט אריינגעקוקט אין זיין פערגאנגעניהייט אלס זשורנאליסט, וועלכער האט דריי מאל זיינע איבערצייגונגען אומגעביטען. נאר דושאאנא'ס ליידען זענען קיינעם נישט בעוואוסט געווען, ער האט געקאנט הערשען איבער זיינע געפיהלען: דאס וויכטיגסטע איז — דער פערדינסט, דער עיקר איז — געלד. און ער האט זיך געצוואונגען צו שווייגען.

נאר צו'ם שמערצליכסטען האט איהם פערוואונדעט דושוליא פראטי, זיין אמאליגער פריינד און מיטארבייטער. פראטי איז געבליבען דער זעלבער ווי ער איז געווען, א זשורנאליסט לויט איבערצייגונג, מיט א הייסען קאפ און א לעדיגער קעשענע. ער האט געשריבען אין ארימע, נאר עהרליכע צייטונגען. אומעטום איז ער — ער געבליבען, נישט פערשאפט זיך נישט קיין רוהם, נישט קיין פערמעגען. און כמעט טאג טעגליך האט ער דושאאנא'ן בעלעדיגט; דען ער האט דאך אזוי גוט געוואוסט זיין לעבען, די געהיימניסען פון זיין פערגאנגענהייט! און ריקארדא איז בלאס געווארען אין זיין פראכטפולען קאבינעט יעדעס מאל. ווען ער האט געלייענט די ארטיקלען פון זיין אמאליגען קאלעגע.

פראטי האט אונבארמהערציג דערמאהנט די געשיכטע, ווי „א ו א ט א ק ע ר י ד ע" איז געפאלען. ער האט דערצעהלט, ווי דער ב ע ר י ה מ ט ע ר ז ש ו ר נ א ל י ס ט, פ א ע ט א ו ן ר ע־

ראַקטאָר האָט אָבגעשפּילט אַ קאָמעדיע פֿון זעלבסטמאָרד, כּדי צו רעטען זײַן צײַטונג. אין אמת'ען אָבער איז ער ניעדער־טרעכטיג אַנטלאָפֿען אין דער לעצטער מינוט, געלאָזט אויף הפקר די צײַטונג צוזאַמען מיט די מיטאַרבײַטער, קײנעם פֿון זײ נישט בעצאָהלט, אָבגענאַרט זײַנע קאָלעגען. װעלכע האָבען אומזיסט פֿאַר איהם געאַרבײַט און בשעת אַ נויט האָבען זײ זײערע זײגערס און פֿאַלטאָס פֿערזעצט.

װײַטער האָט פּראַטי ערקלערט, װי אַזוי האָט דזשאָאַנאַ אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען דעם „טעמפּאָ". ער האָט צונויפֿגעזאַמעלט אַקציאָנערען פֿון די פֿערשידענסטע איבערצײַגונגען, און כּדי זײ צופֿריעדענצושטעלען, בײַט די צײַטונג אויך כּמעט יעדען טאָג איהרע מײַנונגען און װערט אַ צײַטונג פֿון אַלערלײ אַנשויאונגען — אַ מיש־מאַש־צײַטונג.

נישט אײן מאָל האָט זיך דזשאָאַנאַ'ן געװאָלט ענטפֿערן אויף פּראַטי'ס אַרטיקלען. נאָר װי אַזוי קאָן ער ערלויבען, אַז דער האַלבער מיליאָן לעזער פֿון „ט ע מ פּ אָ" זאָל זיך דערװיסען, אַז עפּעס אַ עלענדער, פּראָװינציעלער שמירער האָט געװאַגט צו בעלעדיגען דעם גרויסען רעדאַקטאָר? דאָס װאָלט געװען אַ רעקלאַמע פֿאַר יענער צײַטונג און דער „ט ע מ פּ אָ" װאָלט דאַדורך געקאָנט שאָדען האָבען... נײן, קודם כּל מוז ער זיך זאָרגען װעגען דעם מאַטעריעלען ערפֿאָלג פֿון זײַן צײַטונג און דעריבער מוז ער זיך אָבזאָגען פֿון די פּערזענליכע רעכנונגען.

יענעם פֿריהמאָרגען האָט פּראַטי'ס בײַסענדע סאַטירע װיעדער געטראָפֿען ריקאַרדאָ'ן אין סאַמע האַרצען, און כּדי צו פֿערגעסען דערין, האָט ער צוריקגעקעהרט צון זײַן געליעבטער טעמאַ,— װי אַזוי קאָן מען נאָך פֿערגרעסערן די צאָהל אַבאָנענטען און דערגעהן צו דער אַזוי לאַנג געװינשטער ציפֿער — הונדערט טויזענד.

דזשאָאַנאַ האָט אין האַנד גענומען אַ נומער „טעמפּאָ", כּדי איהם גענויער דורכצוזעהן. צװײ ראָמאַנען, דרײַ שפּאַלטעס טעלעגראַמען אויף דער ערשטער זײַט, פֿיער שפּאַלטעס אויף דער לעצטער, די גאַנצע דריטע זײַט איז פֿערנומען מיט חראָניק, שטאָרטישע און פּראָװינציעלע. און פֿאָרפֿאַלען, פֿאָרפֿאַלען אָהן אַ סוף; די

פֿערשיערענסטע און די אונ וואהרשיינליכסטע נייעס פֿון אלע עקען וועלט. און אויסער דעם קיין איין ארטיקעל, קיין איין שארף ארויסגעזאגטע מיינונג, קיין איין מוטיג ווארט פֿון אנקלאגען אדער פֿערטיידיגען, קיין איין ידיעה פֿון דער קינסטלערישער, ליטעראַרישער אדער וויסענשאפֿטליכער וועלט.

„יא, מען מוז מודה זיין, אז די צייטונג איז גענוג פֿארבי-לאז און שלעכט, כדי זי זאל קאנען האבען הונדערט טויזענד אבאנענטען, — האט דזשאאנא א קלער געטהון, — אבער מען קאן זי נאך ערגער מאכען״.

און ער איז ארויס פֿון קאבינעט. עס איז צייט געוועזען אויף פֿריהשטיק צו געהן.

דער רעדאקטאר פֿון „טעמפא״ האט געוואהנט אין א האָ-טעל אויף פיאצא ד'עספאניא און האט געהאלטען א שטענדיגע געדונגענע קארעטע. די וואהנונג איז געוועזען גרויס, שען, רייך, נאר ווי לעער, אונהיימליך, אונבעקוועם! מען האט גלייך דער-פֿיהלט, אז דאס איז נאר א דערווייליגער וואהנונגס-ארט. ער האט געהאט צוויי דינער, — א דינענסט-מיידעל און א לאקאי, וועלכע זענען געוועזען גוט דרעסירט און איהם פֿאלשטענדיג פֿרעמד. זיי האבען איהם ניט געקענט, ניט געליעבט, כמעט ניט געזעהן, — דען אין דער היים איז ער דאך קיינמאל ניט גע-וועזען. ניט האבענדיג ניט קיין פֿאמיליע, ניט קיין קרובים, האט ער זיך ווי שטענדיג אין רעסטאראנען געשפייזט. נאר א מאל, אלס אויסנאהם, ווי צו'ם ביישפיעל גראדע היינט, האט ער צו זיך איינגעלאדען עמיצען צו פֿריהשטיק, און דאן האט די וואהנונג אין א משך פֿון א פאר שעה אויפֿגעלעבט, פֿון רעסטאראן זענען קוכער געקומען און געבראכט אלץ, וואס איז נויטיג גע-וועזען: טישטוכער, סערוועטען, זילבער, קריסטאל, זאגאר בלומען, דערנאך, א שטונדע נאכ'ן פֿריהשטיק, איז דאס אלץ פֿערשוואונ-דען געוואָרען, די וואהנונג איז ווידער געבליבען שטיל און לעער.

דאס מאל איז געוועזען איינגעלאדען דער דעפוטאט באלא-ניעטי. דזשאאנא האט איהם אויפֿגענומען אין סאלאן. זיי זענען

געזעסען איינער קעגען אנדערען און האבען זיך ביידע איינער דעם אנדערען אויפמערקזאם בעטראכט.

— וואס הערט זיך וועגען מיניסטעריום? — האט דזשאַאנא אויסגעפארשט.

— וועט זיכער פאלען.

— וואס רעדט איהר?

— איך זאג אייך, עס וועט פאלען. שוין צייט מיט איהם א סוף צו מאכען. איך ראט אייך...

— איך בין נישט קיין אנהענגער פון איין געוויסער פארטיי.

— אבער איהר האט פערטיידיגט דאס מיניסטעריום... זיינע איבערצייגונגען זענען געוועזען אייערע...

— עס הויבט זיך גאר נישט אן! איך האב זיי מיינע מיינונגען צוגעשריבען, דאס איז אמת... איבריגענס, עס לוינט נישט וועגען דעם צו רעדען! דעם אמת זאגענדיג, נישט איהר, נישט איך, נישט דאס מיניסטעריום, און נישט אונזערע פריינד, האבען מיר דאך קיינער נישט קיינע איבערצייגונגען, קיין קלארע ריכטונג, דען בכלל עקזיסטירען גאר נישט קיין ריכטונגען.

דער לאקאי האט געמאלדען, אז דער פריהשטיק איז גרייט. אין עס-צימער איז אויך געווען אונסימפאטיש און אונהיימליך, אבער ביידע האבען דאס נישט בעמערקט; זיי האבען ארומגערעדט די לאגע פון מיניסטעריום.

— דער מאמענט איז זעהר, זעהר ערנסט, — האט בא לאניעטי אויסדריקליך גערעדט.—איך ראט אייך, כל זמן עס איז נאך צייט, נאך איידער דאס מיניסטעריום וועט פאלען, דעם „טעמפא" צו פערקויפען. דאס אומבייטען זיך פון קאבינעט וועט אהן צווייפעל ווירקען אויף אייער צייטונג. פערקויפט אונז דעם „טעמפא", און מיר וועלען פון איהם מאכען א אפיציעלען ארגאן פון דער אפאזיציע.

— איך האלט דאס נישט פאר אזא קרומע זאך... איך וואלט אבער נאר געוואלט וויסען, וויפיעל וועט איהר מיר געבען פאר'ן „טעמפא"?...

— בעשטימט איהר אליין דעם פרייז...

— און איך בעט אײַך צו בעשטימען ...

— אויב אזוי, זאגט מיר אפען, וויפיעל אבאָנענטען האָט זי צײַטונג ?

— הונדערט טויזענד ! — האָט דזשאַנאַ שטאָלץ ערקלערט.

— פולע ?

— פעהלט א הונדערט, נאָר הײַנט מאָרגען וועט זײַן גאנצע הונדערט טויזענד.

— און פאר וויפיעל שאַצט איהר איהם ?

— פאר צוויי מיליאָן, נישט ווענינער ...

— מען וועט אײַך באלד א גיעב טהון, — באלאָניעטי האָט איראָניש א שמײכעל געטהון.

— איהר וועט געבען, ווײַל דער „טעמפאָ" איז אײַך נויטיג.

— אבער ער האָט דאָך אזוי פיעל חובות ! איך ווייס ווער און וואָס, און קאָן אײַך אויסרעכענען ...

— דאָס געהער נישט צו דער זאַך ...

— יאָ, נאָר איהר וועט זיי דאָך מוזען בעצאָהלען און דעריבער ווילט איהר צוויי מיליאָן ...

— איהר האָט א טעות; כל זמן די צײַטונג איז מײַנע, מעג איך זיי נישט צאָהלען, הייסט עס, אז ווי באלד איך פער־קויף זי, לײַד איך פיעל שאָדען.

— און וויפיעל ברענגט ער אײַך איין ?

— הונדערט טויזענד ליירע רײנער ריוח.

— ווידער א נישט גאנץ גענויע ציפער, אמת, דזשאַנאַ ?

— עטוואָס מעהר, עטוואָס ווענינער ...

באלאָניעטי האָט ווידער אָנגעהויבען איבערצוצײַגען דזשאַנאַ'ן, אז מען קאָן קײנמאָל נישט זיכער זײַן מיט דער צײַט, אז דער „טעמפאָ" וועט פאלען צוזאַמען מיט'ן מיניסטעריום, און אויב ער וועט אפילו נישט פאלען, וועט די צאָהל אבאָנענ־טען אלענפאַלס קלענער ווערען.

— אלזאָ וויפיעל ווילט איהר מיר דאָך געבען פאר מײַן צײַטונג ? — האָט דזשאַנאַ געפרעגט נאָכ'ן פריהשטיק, ווען זיי

זענען שוין ווידער געזעסען אין זאל.

— אַ מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזענד...

— אויב אַזוי איז נישטאָ וואָס צו רעדען...

— ווי איהר ווילט! דאָס געלד איז גוטע. דאָס מוזט איהר מודה זיין...

— און די צייטונג איז אויך אַ גוטע...

באַלאָניעטי האָט אַ שמייכעל געטהון.

— פערצייכענט זיך אונזערע בעדינגונגען, — האָט ער פאָרגעלעגט, — אפשר וועט איהר זיך נאָך בעקלערען...

עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזען, אַז אין דעם פראַכט־פולען בראָנזע־טינטער איז קיין טראָפּען טינט נישט געווען, אויך קיין פעדער און קיין איין שטיקעל פאַפּיער האָט זיך נישט געפונען.

— מען זעהט גלייך, אַז איהר אַרבייט נאָר אין דער רע־דאַקציע... — האָט דער דעפּוטאַט געזאָגט.

— איך שרייב נישט אין ערגעץ. נישט אין דער היים, נישט אין דער רעדאַקציע. שוין פיער יאָהר ווי איך האָב קיין איין וואָרט נישט אָנגעשריבען...

— איהר רוהט זיך אָב?

— ניין; פשוט, איך האַלט פאַר איבעריג צו שרייבען, — האָט דושאָאַנאַ רוהיג געענטפערט, וועהרענד ער האָט פערצייכענט מיט אַ בלייפעדער אויף אַ בלאָק די בעדינגונגען פון פערקויף.

— איך זעה, אַז דאָס איז נישט קיין געשעפט פאַר מיר, — האָט ער דערביי עטליכע מאָל ווידערהאָלט.

דאָך, ווען דער דעפּוטאַט איז ארויסגעגאַנגען, האָבען זיינע געדאַנקען אַנ'אַנדער ריכטונג בעקומען. ער האָט דעם „טעמפּאָ" זעהר געוואָלט פערקויפען. די דאָזיגע גרויסע, רייכע צייטונג האָט איהם פערשאַפט אַזוי פיעל מיה און לייד ווי אַ מאָל דאָס קליינע, עלענדע צייטונג'ל. ער האָט זיך געפיהלט ערמיערעט און ענט־מוטיגט. די חובות זענען געוועזען אַזוי גרויס, אַז די פראָצענטער האָבען איינגעשלונגען אַ האַלבע הכנסה. און טראָץ דעם, וואָס די צאָהל אַבאָנענטען איז געוואַקסען, האָבען זיך איהם טרויעריגע

פֿאַרנעפּיהלען אויפ'ן האַרצען געלעגט. וואָס וועט זיין, אויב די צאָהל אַבאָנענטען וועט נעהמען קלענער ווערען? נאָך אַזוי פֿיעל יאָהרען פֿון קאַמפּף האָט ער געשטרעבט צו רוהיגקייט, שטיל־קייט. אַז ער וועט פֿערקויפֿען דעם „טעמפּאָ" און די חובות בעצאָהלען וועט ער נאָך אָבשפּאָרען אַ שענעם קאַפּיטאַל און וועט קאָנען אָנהויבען פֿיהרען אַ געזעהנליך, בעקוועם לעבען אָהן זאָרג.

אַזוי טראַכטענדיג איז ריקאַרדאָ פֿון שטוב אַרויסגעגאַנגען אַליין נישט וויסענדיג, וואָס צו בעשליסען, אונצופֿריעדען מיט זיך און מיט זיינע פֿערעלטערטע פֿעהלער פֿון אַ גייציגען זשורנאַליסט.

אין טעאַטער נאַציאָנאַל האָט איהם מיט אַ קאָקעטען שמייכעל בעגריסט די פּרימאַדאָנע, וועלכע איז שטענדיג דורשטיג נאָך גוטע רעצענזיעס. ער האָט דאָס אַלץ געוואוסט אויסענוועניג, עס האָט איהם דערעסען און נאָך מעהר פֿערגרעסערט די אונגעשמאַקהייט פֿון זיין איצטיגען לעבען.

— דוכט זיך, שבת וועט זיין אַ גרויסער ליטעראַרישער אָווענד? — האָט ער ביי'ם געזעגענען זיך געזאָגט צו דער אַרטיסטין, אַבי נאָר עפּעס צו זאָגען.

— יאָ... איהר וועט מיר געבען אַ שענע בעמערקונג אין „טעמפּאָ"?

— איך קאָן נישט, טייערע מאַדאַם.. דער „טעמפּאָ" איז שוין נישט מיינער.

— ווירקליך? — האָט זי געזאָגט און מיט אַ מאָל קאַלט געוואָרען.

— ווירקליך. איך האָב איהם פֿערקויפֿט.

— וועמען?

— דאָס איז אַ סוד! אויף ווידערזעהן, ליעבע מאַדאַם!

— אויף ווידערזעהן! — זי האָט איהם אַפֿילו די האַנד נישט געגעבען.

ריקאַרדאָ האָט גערעדט מיט אַזאַ זיכערהייט וועגען דעם פֿערקויף פֿון זיין צייטונג, אין אמת'ען אָבער האָט ער נאָך גאָר

נישט נעהאַט בעשלאָסען, און דער פײַנליכער צווייפעל איז אין איהם אלץ שטאַרקער געוואַקסען. פאַר די אויגען האָבען איהם כסדר ציפער געשוועבט: אבאָנענטען, חובות, א מיליאָן צוויי הונ־דערט טויזענד.

די ידיעה, אז ער האָט די צײַטונג פערקויפט, האָט זיך שוין אין שטאָדט פערשפרייט: מען האָט איהם גליק געווינשט, אויסגעפרעגט. אלע האָבען בעמערקט, אז ער האָט אויסגעוועהלט קונציג דעם גינסטיגסטען מאָמענט דערצו. און דאָס אלץ האָט אַרום דושאָאַנאַ'ן געבילדעט אלץ א גרעסערען חאָאָס. יאָ, ווירק־ליך, ער איז ערמיעדעט, נאָר די אמאָליגע אמביציע און יענע אונאויסגעלאָשענע ליידענשאַפט צו געוועלטיגען און קעמפפען האָ־בען נאָך אלץ געלעבט אין איהם און עס איז איהם אַ שאָד געווען אוועקצוואַרפען די געליעבטע אַרבײַט.

ער איז אַרײַן אין רעדאַקציע און זיך אין קאַבינעט פער־שלאָסען. דורך די פענסטער האָט ער געהערט די אויסשרייען פון די קלײַנע צײַטונגס־פערקויפער. דאָס האָט דושאָאַנאַ'ן זײַן קינדהייט דערמאָהנט.

זײַן אָרימער פאָטער, דער בעשיידענער אַרבײַטער, ווי ער שטאַרבט מיט דער פעדער אין האַנד. די זשורנאַליסטיק האָט איהם געטויטעט. ווי האָבען דאָס דאָרט אלע געאַרבײַט, אין יענער קלײַנער, אונבעקאַנטער צײַטונג. א גרויסער אומעט איז איהם אײַפ'ן האַרצען אָנגעפאַלען, דאָך נישט ווילענדיג איז איהם אײַנ־געפאַלען א פערגלײַך צו מאַכען צווישען יענער קלײַנער צײַטונג מיט די צוויי טויזענד אבאָנענטען, און זײַן גרויסען, רײַכען מעכטיגען „טעמפּאָ". א שטאָלץ האָט איהם בעהערשט. ער האָט געטראַכט וועגען דער שווערער אַרבײַט פון זײַן פאָטער, וועלכער איז קוים מיט דער חיונה אויסגעקומען, און וועגען די מיליאָנען, וועלכע ער האָט מיט אַזאַ זיכערהייט פערלאַנגט פון באַלאָניעטי און וועגען וועלכע ער האָט זיך שוין היינט בערימט אין א געשפרעך מיט זײַנע קאָלעגען...

ווען זײַן פאָטער וואָלט געקאָנט זעהן, ווי הויך ער איז געגען שטיגען דורך זײַן אײַגענער אַרבײַט! ווען ער וואָלט געקאָנט זעצ־

מיט איהם אין דעם דאָזיגען מיט סאַמעט אויסגעלעגטען קאַבּינעט, אײַנזעהן זײַן מאַכט, זײַנע פֿעהיגקײַטען, זײַנע קרעפֿטען! זאָל ער זיך איצט בעשליסען צו פֿערקויפֿען דעם „טעמפּאָ“, זיך אויפֿן גאַנצען לעבען פֿון דער אַרבײַט בעזײַטיגען?

דער לאָקאַי איז מיט אַ דעפּעשע אַרײַנגעקומען.

ר אַ ז ע נ ד אַ, דער קאַנדידאַט אויף אַ מיניסטער־שטעלע, וועלכען דער „ט ע מ פּ אָ“ האָט מפֿורש געשטיצט, האָט אויף די וואַהלען דערהאַלטען מיט דרײַ שטימען וועניגער ווי זײַן קאָנקורענט. דזשאָאַנאַ'ס געזיכט איז פֿינסטער געוואָרען. אין דער לעצטער צײַט זענען בײַ די וואַהלען דורכגעפֿאַלען אַלע קאַנדידאַטען, פֿאַר וועלכע זײַן צײַטונג האָט אַגיטירט. דאָס פּובּליקום האָט געקויפֿט דעם „ט ע מ פּ אָ“, אָבער זיך נישט אונטערגעגעבען אונטער זײַן אײַנפֿלוס און זיך מיט זײַן מײַנונג גאָר נישט גערעכענט. און דערצו ראָך האָט זיך דער „ט ע מ פּ אָ“ קײַנמאָל נישט פֿערענטפֿערט פֿאַר די פֿאָרוואורפֿען, וואָס די איבעריגע צײַטונגען האָבען איהם געמאַכט, און דאָס האָט אָהן צווײַפֿעל געמאַכט דעם ערגסטען אײַנדרוק אויף די לעזער. וועלכע האָבען איהם אויפֿגעהערט צו אַכטען. דזשאָאַנאַ האָט דאָס גאַנץ גוט פֿערשטאַנען, און עס האָט איהם געפּײַניגט דער פֿאַרגעפֿיהל, אַז אין זײַן מעכטיגער, כלומרשט מאַטעריאַליש און מאָראַליש געזיכערטער צײַטונג, ליעגט שוין בעהאַלטען דער זאָמען פֿון אונטערגאַנג און טוידט. צי איז נישט גלײַכער אָבצוטרעטען ווען עס איז נאָך צײַט, און נאָר פֿון ברעג קוקען, ווי דאָס שיף געהט אונטער?

— דער דעפּוטאַט קאַרדעלאַ, — האָט דער לאָקאַי געמאָלדען.

ריקאַרדאָ איז העפֿליך אויפֿגעשטאַנען דעם גאַסט צו בעגריסען.

דער דעפּוטאַט האָט געלויבט דעם „ט ע מ פּ אָ“. ער קאָן פּשוט נישט לעבען אָהן איהם.

— און איך וואָלט זיך זעהר שען נעקאָנט בעגעהן אָהן „טעמפּאָ“! — האָט דזשאָאַנאַ מיט אַ שמייכעל געזאָגט.

דער דעפּוטאַט איז אויפֿמערקזאַם געוואָרען.

— פֿאַרוואָס, זאָגט מיר, פֿאַרוואָס?

— איך בין ערמידעט...

— נאָך אַזוי יונג און קלאָגט זיך שוין אויף ערמידונג!...

— דרייסיג יאָהר לעבען פון א זשורנאַליסט איז מעהר ווי זעכציג פון אַנ׳אַנדערען. איך רעכען, אז איך האָב שוין לאַנג גענוג געאַרבייט און האָב דאָס רעכט וועגען אָברוה צו קלערען.

— אַ סאָלדאט. וואָס איז נאָך אַזוי פול קראַפט און טעטיגקייט ווי איהר, טאָר דאָס שלאַכטפעלד נישט פערלאָזען...

— נאָר איך בין שוין אַזוי אונגעהויער מיד...

— וואָס זשע וועט אונזער פאַרטיי אָהן אייך טהון?

— איהר וועט זיך אין גיכען טרייסטען.

— ניין, איך בעט אייך, פערקויפט נישט דעם „טעמפאָ"... מאַכט פון זיך א אָפּפער פאַר אונז, ווייל אָהן אייך וועלען מיר זיך קיין עצה נישט קאָנען געבען; אייער נאָמען וועט מיט גאָלדענע אותיות איינגעשריבען ווערען אין דער געשיכטע פון דער פאָליטיק פון די לעצטע יאָהרען. וואָס זשע זאָל איך אין אייער נאָמען אונזערע פריינד זאָגען?

— אַז איך וועל טהון אַזוי ווי מיין געוויסען וועט מיר הייסען.

— איך גלויב אין אייער געוויסען און געה אַוועק א גליקליכער. אויף וויעדערזעהן, טייערער מערטירער! א גרויסע צוקונפט ערוואַרטעט אייך.

ריקאַרדאָ האָט שוויינענדיג דעם גאַסט בעגלייט. אין דער מינוט האָט מען געבראַכט א בריעף פון דעפוטאַט באָלאָנעטי; ער האָט געשריבען, אַז זיין פאַרטיי איז מסכים צו קויפען דעם „טעמפאָ" פאַר אַנדערהאַלבען מיליאָן. ריקאַרדאָ האָט אַרויסגענומען א וויזיט־קאַרטע און דערויף אַ ענטפער אָנגעשריבען:

„אַלץ, אָדער גאָרנישט".

אויפ׳ן געוועהנליכען נאָך מיטאָגדיגען שפּאַציער האָט זיין ערשיינען אַ סענסאַציע אַרויסגערופען. פון אַלע זייטען האָט זיך געהערט אַ שעפּטשען: „זעהט, ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ!" מיט טיעפען אומעט האָט ער אַ טראַכט געטהון, אַז אויב ער וועט די צייטונג פערקויפען, וועט ער מאַרגען פאַר די זעלבע מאַסען זיין אַ נול, און ער האָט צוגעשריען דעם קוטשער, ער זאָל צוריקקעהרען אין

רעדאַקציע, — וואָס אַנ׳אמת, אין פּאַרק איז געווען פּײַכט און פינסטער.

פאַר׳ן רעדאַקציאָנס־לאָקאַל האָט ער בעגעגענט דעם דעפּוּטאַט באַלאָניעטי. דזשאָאַנאַ איז פון זײַן קאַרעטע אַרוים און זיך געזעצט נעבען דעפּוטאַט אין זײַן קאַרעטע.

— נו, וואָס, איהר האָט זיך בעשלאָסען? — האָט איהם באַלאָניעטי געפּרעגט נאָך אַ פּאָר מינוט שווײַגען.

— בעשליעסען מוזט איהר זיך, נישט איך.

— איהר האַלט זיך נאָך אַלץ בײַ אײַער פּרײַז? איך פערזיכער אײַך, אַז דאָס שטײַגט איבער אונזערע קרעפטען. לאָזט עפּעס אָב...

— איך האָב אײַך שוין געזאָגט און וועל קײַן אײן וואָרט נישט צוריקנעהמען.

— איך הויב אָן קלערען, אַז איהר פערלאַנגט אַזוי פיעל, ווײַל איהר קלערט גאָר נישט צו פערקויפען די צײַטונג.

— קוים האָב איך געזאָגט, אַז איך וויל דעם „טעמפּאָ" פערקויפען, מוז עס אַזוי זײַן! נאָר נאָכהער ווי איך וועל די חובות בעצאָהלען, וועט מיר פון די צוויי מיליאָן גאַנץ וועניג בלײַבען, און איך האָב אין דער אַרבײַט מײַנע גאַנצע קרעפטען אַרײַנגעלעגט...

זיי האָבען גערעדט איבערגעריסען, טרוקען, אַזוי ווי פײַנד, נישט קוקענדיג אײנער אויפ׳ן צווײטען.

— פאַר אַנדערהאַלבען מיליאָן וועלען מיר גרינדען אַ נײַע צײַטונג, וועלכע וועט אײַערע אונטערברעכענגען... — האָט זיך באַלאָניעטי צעבייזערט.

— געלד איז נאָך גאָרנישט, דער עיקר איז דער מענש.

— דזשאָאַנאַ, דזשאָאַנאַ, רעניערט אַליין איבער אײַער שיקזאַל, זײַט נישט זײַן קנעכט! ציהט זיך צוריק, כל זמן עס איז נאָך צײַט!

דזשאָאַנאַ האָט צו׳ם ערשטען מאָל זײַן געגנער אין די אויגען אַ קוק געטהון.

— לאָ׳מיר אין די רעדאַקציע פאָהרען, — האָט ער געבעטען.

די קאַרעטע האָט זיך געטוזט אָבשטעלען עטליכע טריט

פֿאַר דעם רעדאַקציאָנס־לאָקאַל. אַ גרויסע מאַסע האָט איהר דעם וועג פֿאַרשטעלט. דזשאָאַנאַ האָט אַ קוק געטהון דורכ'ן פֿענסטער און האָט זיך גוואַלדיג אַ קעהר געטהון צו באָלאָניעטי.

— איך וועל אייך דעם „טעמפּאָ" נישט פֿערקויפֿען, — האָט ער פֿעסט געזאָגט.

— ווי? אַפילו פֿאַר צוויי מיליאָן? פֿאַרוואָס?

— פֿאַר קיין געלד. אויף וויעדערזעהן!

ער איז אַרויסגעשפּרונגען אין די מאַסע אַריין. אויפ'ן באַל־קאָן פֿון רעדאַקציע האָט מיט טויזענד ליכטלעך געברענט די אויפשריפֿט:

„טעמפּאָ" — הונדערט טויזענד אַבאָנענטען.

זיין טייערסטער טרוים איז ענדליך פֿערווירקליכט געוואָרען; זיין שטאָלץ איז בערוהיגט געוואָרען פֿאַר אַלעמען, עפֿענטליך. דער ערפֿאָלג האָט איהם פֿערשיכּורט. הונדערט טויזענד! און ער האָט דאָס דערגרייכט, ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ! אָט איז דער העכסטער פּונקט פֿון זיין לעבען!

— הונדערט טויזענד אַבאָנענטען, — האָט זיך דערהערט עמיצענס אַ שטימע פֿון פּובליקום. — איך בין זיכער, אַז דאָס איז אַ שווינדעל...

די דאָזיגע ווערטער האָבען דזשאָאַנאַ'ן מיט אַמאָל אויסגע־ניכטערט. אַ שמערצליכע ביטערקייט האָט איהם דאָס האַרץ פֿער־גאָסען, און זיין נשמה האָט זיך אַ צווייפֿעל אַריינגעגנבה'ט, אַ ענט־טוישונג.

מיט אַ אַראָבגעלאָזטען קאָפּ איז ער אין די רעדאַקציע אַריין.

---

## .VI

## די קאַטאַסטראָפע.

אַגאַפּיטאָ איז אַריינגעגאַנגען, נישט אָנקלאַפּענדיג פֿאָראויס. ריקאַרדאָ האָט זיך אַפילו קיין ריהר נישט געטהון, ער האָט נאָר

אויפגעהויבען אויפ'ן לאקאי די אויסגעלאָשענע אויגען אונטער די אָנגעשוואָלענע ווייהעס. וואָס פאַר א מיעדער, גלייכגילטיגער בליק! עס האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די דאָזיגע אויגען קאָנען שוין ניט בעמערקען נישט קיין שענס, נישט קיין שלעכטס.

— עפּעס אַ הערר וויל זיך זעהן מיט אייך, — האָט דער לאָקאי געמאָלדען מיט אַ געצוואונגענער שטימע.

— ווידער .. איינער פון זיי, — האָט ריקאַרדאָ מימ'ן קעפּל אַ מורמעל געטהון.

— ניין, דער איז נישט געקומען נאָך געלד ... דאָס ערשטע מאָל קומט ער אהער .. און נישט קיין לאָקאי ...

— בעט איהם! — דזשאָאַנאַ האָט ווידער אָנגעהויבען שרייבען.

עס איז אַריינגעקומען אַ הויכער, יונגער ברונעט, שען געקליידט, מיט'ן צילינדער אין האַנד, און איז פערלעגען געבליבען שטעהן אין מיטען לעדיגען, קאַלטען צימער.

— ביטע! — האָט איהם דזשאָאַנאַ איינגעלאַדען מיט זיין געוועהנליכער עטוואָס הויכמוטיגער העפליכקייט, — נעהמט זיך אַ שטוהל, דאָרט, פון נעבען וואַנד. מיר האָבען זיך נאָך נישט איינגעאָרדענט אויף דער נייער וואָהנונג.

— איך שטער אייך נישט? — האָט דער יונגער מאַן אונמוטיג געפרעגט.

— ניין, באַלד ענדיג איך און בין גרייט אייך צו דינען.

דער ברונעט האָט זיך געזעצט אויף אַ עק שטוהל. אַלזאָ געפינט ער זיך דאָס איצט פאַר דעם גרויסען פובליציסט ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ, וועלכער איז בעקאַנט אין גאַנץ איטאַליען, וועלכער ווערט פערגעטערט דורך אַלע פּראָווינציעלע זשורנאַליסטען און רעפּאָרטערען!

ריקאַרדאָ האָט געענדיגט די אַרבייט און זיך אַ נעהם געטהון צו'ם גלעקעל. נאָר דאָס גלעקעל איז געוועזען געפּלאַצט און האָט אַרויסגעגעבען פון זיך נאָר עפּעס אַ אונהאַרמאָנישע קלאַפּעריי. אַגאַפּיטאָ האָט אָבער דערהערט דעם דאָזיגען, וואַהרשיינליך איהם בעקאַנטען קלונג.

— דעם דאָזיגען בריעף אָבשיקען צו'ם פּירשט. — דזשאָ-

אנא האָט איהם אַ קאָנוועָרט דערלאַנגט.

— זאָל איך אַליין אַוועקטראָגען, צי ווי? — האָט אַנאַפּיטאָ בייז אַ מורמעל געטהון. — פראַנצעסקאָ איז נישט געקומען.

— מיר וועלען צונעהמען אַנ'אַנדערען אויף זיין אָרט... דערווייל טראָג אַליין אָב...

— און ווער וועט אין דער רעדאַקציע בלייבען?

— בעט דעם קאַסירער, זאָל ער אָבהיטען.

— אַז דער קאַסירער איז אויך נישט געקומען.

— ס'מאַכט נישט אויס, גענוג!...

— מיט וואָס קאָן איך אייך דינען?... — האָט דושאָאַנאַ געפרעגט דעם שענעם ברונעט.

— איך האָב זיך געוואַגט זיך מעלדען צו אייך אָהן רעקאָמענדאַציעס... ענטשולדיגט מיר... — האָט דער יונגער מאַן געמורמעלט. — נאָר איך האָב אַזוי געוואָלט...

ריקאַרדאָ האָט איהם אַרומגענומען מיט אַ האַסטיגען בליק. אפשר איז דאָס אַ אָרימער סטודענט מיט אַ ביטע וועגען שטיצע? דעם רעדאַקטאָרס העפליך געזיכט איז מיט אַ מאָל אייזקאַלט געוואָרען. ער האָט די אויגען אַראָבגעלאָזט און געשוויגען, קוקענדיג מיט עקשנות אויף זיינע נעגעל.

— איך האָב זיך געוואַגט צו קומען צו אייך, ווייל... איך וויל אַ זשורנאַליסט ווערען! — האָט דער יונגערמאַן פּלוצלונג אַ זאָג געטהון. — אפשר דוכט זיך אייך אויס, אַז איך האָב נישט קיין רעכט צו וועלען אַזאַ זאַך?

— ניין, פאַר וואָס דען... — דושאָאַנאַ האָט גערעדט קאַלט און גלייכגילטיג.

— איך פיהל, אַז די זשורנאַליסטיק איז מיין בערוף, נאָך מעהר — מיין ליידענשאַפט. מיין מוטער וויל, איך זאָל אַ אַדוואָקאַט ווערען... נאָך מיך ציהט מעהר די אַרבייט אין די צייטונגען. איך שטרעב צו אַ לעבען פון אַ זשורנאַליסט, צו רוהם... איך בין בערייט צו קעמפפען, איך פעראַכט די מענשען, וועלכע זענען געבונדען דורך זייער אַרבייט, דורך זייערע אַמטען. די זשורנאַליסטיק — דאָס איז דאָס ווירקליכע, רוישענדע, פייערדיגע לעבען!

— נישט פֿײַערדיג, נאָר בליצענד. — האָט איהם דזשאָאַנאַ פֿערבעסערט.

— יאָ, ווירקליך — בליצענד, — האָט דער יונגערמאַן מיט היץ גערעדט. — די פּרעסע — דאָס איז אַ גרויסע קראַפֿט, דאָס איז אַ וואונדערבאַרער אינסטרומענט, דאָס איז אַ שווערד...

— מיט צוויי שאַרפֿען, — האָט ריקאַרדאָ צוגעגעבען און די אויגען פֿערמאַכט. — רעדט ווייטער, רעדט, איך וויל גערן הערען.

— ענטשולדיגט מיר, הערר דזשאָאַנאַ, מיר איז אַזוי שווער צו רעדען פֿאַר אייך. — האָט דער יונגער מאַן געמורמעלט. — איהר זענט אַזאַ גרויסער מענש, דער אויסגעוועהלטער פֿון שיקזאל! איהר האָט דערגרייכט אַלץ, וואָס איהר האָט געוואָלט, איהר האָט זיך פֿערשאַפֿט רוהם, פֿערמעגען. ווי מיר האָבען אייך אַלע מקנא געוועזען דאָרט, אויף דער פּראָווינץ!

— איהר זענט פֿון דער פּראָווינץ?

— פֿון בערגאַמאָ, דעם אוניווערזיטעט האָב איך בעזוכט אין פּאַדואַ, מיין נאָמען איז אַנטאָניאָ אַמאַטי. איך האָב שוין געשריבען צו אייך עטליכע מאָל, נאָר איהר האָט מיר קיין איינציג מאָל געענטפֿערט.

— איך בין זעהר בעשעפֿטיגט...

— איך פֿערשטעה דאָס גאַנץ גוט... און אָט האָב איך בעשלאָסען זיך פּערזענליך צו אייך צו מעלדען. נעהמט מיך צו אין אייער „טעמפּאָ"... אַלס שטענדיגען מיטאַרבייטער, גיעט מיר אָב אַ געוויסע אָבטהיילונג...

— אַלץ איז פֿערנומען, — האָט דזשאָאַנאַ טרוקען געענטפֿערט.

— איך קאָן זיין אַ רעפּאָרטער, אפּילו אַ איבערזעצער... איך בין גרייט אויף אַלץ, אַבי איהר זאָלט מיך נעהמען.

— אין מיטען יאָהר נעהמען מיר נישט צו קיין נייע מיטאַרבייטער.

— אָבער דער „טעמפּאָ" איז דאָך אַזאַ רייכע צייטונג.

— ריין, דאָס איז אמת, אָבער די הוצאות זענען אויך

אונגעהויערן גרויס !

— עס געהט מיר נישט וועגן געהאַלט, — האָט אַמאַטי שטיל געזאָגט. — נעהמט מיך צו אויף אַ פּראָבע אָהן לויהן. די מוטער וועט מיר צושיקען מײַן בּיזהעריגע פּענסיע.

— איך וועל אײַך ענטפערן אָפען, אַז איך קאָן אײַער פאָר־שלאָג נישט אָננעהמען.

— פאַרוואָס ?

— נישט שטענדיג קאָן מען זאָגען פאַרוואָס. גלויבט מיר נאָר, אַז צוליעב אײַער אײגענער טובה, איך ראַט אײַך, איהר זאָלט זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָבזאָגען פון געדאנקען צו ווערען אַ זשורנאַליסט.

— אָבער דאָס איז מײַן בערוף...

— ווײס איך וואָס פאַר אַ בערוף. איהר קאָנט זיך שטענ־דיג אײַנאָרדנען דאָס לע..ען טויזענד מאָל בעסער.

— אײַך איז גוט אַזוי צו רעדען, ווײַל איהר האָט שוין דערגרייכט רוהם, רײַכקייט... און אפשר מײנט איהר, אַז איך האָב קיין טאַלענט נישט ?

— צו וואָס טויג דאָ טאַלענט ? פאַר אַ זשורנאַליסט איז בע־סער, אויב ער האָט נישט קיין טאַלענט. מײַן קינד, איך ווינש אײַך דאָס בעסטע און ראַט אײַך, עקשענט זיך נישט אײַן און זאָגט זיך אָב פון דעם דאָזיגען געדאַנקען.

אַנאַפּיטאָ איז אַרײַנגעקומען מיט אַ פּאַקעט מיט געלד.

— עס פעהלט פינף לירע צוואַנציג סאַנטים.

— אַ לירע אויף באַנדראָלען...

— אַח, שטענדיג מיט די באַנדראָלען !

— און פאַר צוואַנציג סאַנטים האָב איך געקויפט אַ מאַרקע צו אַ בריעף.

אַנטאָניאָ אַמאַטי האָט דעם דאָזיגען געשפּרעך נישט גע־הערט. ער איז געווען פערצווייפעלט, פאַרוואָס מען וויל איהם נישט צונעהמען אין רײַכען, פיעל געלעזענעם גרויסען „טעמפּאָ".

— איך וועל אײַך מעהר נישט מטריח זײַן... אפשר וועט מען מיך אין אַנ'אַנדער רעדאַקציע צונעהמען; איך וועל בעזוכען

אַלע רעדאַקציעס און איך מוז אַ שטעלע געפינען.

אין די אויגען פון דעם שענעס יונגען מאַן האָט זיך אויס־געמאָלט אַזאַ גלויבען אין דער צוקונפט, אַזאַ קראַפט, אַזאַ פייער, אַז ריקאַרדאָ דזשאַאַנאַ האָט אַ לאַנגע ווײַלע פון איהם זײַן בליק נישט געקאָנט אָבריַיסען און האָט ענדליך געזאָגט:

— נו, בלײַבט אין „ט ע מ פ אָ". איך וועל אײַך ענטדעקען די סודות פון דער זשורנאַליסטען־קונסט. און אויף אַ אָנהויב שרײַבט אָן אַ אַרטיקעל... וועגען וואָס איהר ווילט.. וועגען דאָס, וואָס אינטערעסירט אײַך...

— איך וואָלט געוואָלט וויסען, וואָס אינטערעסירט די לעזער, — האָט זיך אונמוטיג אַמאַטי אָבגערופען.

— די לעזער אינטערעסירט אַלץ, אויב בכלל אינטערע־סירט זיי עפעס.

— מעהר ווי אַלץ האָב איך מורא, איך זאָל נישט זײַן לאַנגווײַליג, באַנאַל...

— האָט נישט מורא. פערקעהרט, אויב איהר וועט קאָנען זײַן באַנאַל, איז אײַער צוקונפט געזיכערט.

— ווען איהר וואָלט געוועזען אַזוי גוט מיר עפּעס אַ אידעע געבען...

— אָח, וויפיעל יאָהרען איז מיר שוין קיין איין אידעע אין קאָפּ נישט געקומען!... דעם אמת זאָגענדיג, דאַרף אַ זשורנאַליסט גאָר נישט האָבען קיין אידעען. קיינער פון אונז האָט נישט. שרײַבט וואָס איהר ווילט, פרעגט מיך גאָרנישט.

דער בעגליקטער ברונעטעל האָט דעם לאָקאַי געשיקט קויפען טינט און פעדער, וועלכע ער האָט אומזיסט אין דער גאַנ־צער רעדאַקציע געזוכט, און איז אַליין צוריק אַרײַן אין קאַבינעט.

— ווען קומען די מיטאַרבײַטער?

— ווען זיי ווילען. מיך אַהרט נישט, אַז מען קומט נישט פּינקטליך.

— דערפאַר קומען זיי געוויס פּינקטליך אין די טעג, ווען מען צאָהלט דעם לויהן. — האָט זיך אַמאַטי צעלאַכט.

— בײַ אונז צאָהלט מען נישט דעם לויהן אין בעשטימטע

טעג, מיר צאָהלען ווען מיר קאָנען.

— און וואָס זאָגען זיי דערויף?

— זיי בעקלאָגען זיך, זידלען, אנדערע הערען אויף אַרבּיי־טען, אנדערע וואַרטען.

— זאָגט זשע מיר, פאַרוואָס איז עס אזוי? — האָט דער יונגערמאַן נאַאיוו געפרעגט.

— נישטאָ קיין געלד... גאַנץ פּשוט.

— וואָס הייסט. אין „טעמפאָ" פעהלט געלד?

— אין אַלע צייטונגען איז דאָס זעלבּע.

— אפילו אין די, וואָס האָבּען דרייסיג טויזענד אַבּאָנענטען?

— אומעטום, מיין ליעבּער. און פאַרוואָס דאָס איז אזוי וואָלט איך ווירקליך נישט געקאָנט ערקלערען.

— איך וועל געהן שרייבּען! — האָט אַנטאָניאָ אַמאַטי אונ־טערטעניג געזאָגט.

— איהר האָט אַ ציגאַר?

— נאָר ווירגיניאַ...

— גיעט אַהער, מיר איז אַלץ איינס!

אַמאַטי איז אַרומגעגאַנגען מיט גרויסע טריט איבּער'ן רעדאַקציאָנס־צימער און געוואַרט אויף בּעגייסטערונג. דערנעבּען, אין קאָרידאָר, האָט אַגאַפּיטאָ פריהשטיק געגעסען. עפּעס אַ אַל־טער מאַן איז אַריינגעקומען, געבּעטען בּיי אַמאַטי'ן די פעדער, עפּעס אָנגעשריבּען אויף אַ שטיקעל פּאַפּיער און עס איבּערגעלאָזט אויפ'ן טיש.

— פאַרוואָס טראָגט איהר דאָס נישט אָבּ דעם רעדאַקטאָר? — האָט אַנטאָניאָ דעם לאָקאַי געפרעגט.

— דאָס איז אַ רעכענונג... אונזער רעדאַקטאָר וויל אויף רע־כנונגען אפילו קיין קוק נישט טהון... צו וואָס זאָל איך איהם אין כּעס אַריינבּרענגען! אַזעלכע אונבּעצאָהלטע רעכנונגען האָבּען מיר גאַנצע פּעק...

דאָס גלעקעל האָט אַ קלונג געטהון, און דער לאָקאַי איז צוריקגעקומען פון קאַבּינעט און אָנגעהויבּען אויפצוקלייבּען פּעקלעך צייטונגען.

— צי וועט איהר דאס ארויסשיקען די אבאנענטען? — האט אמאטי העפליך געפרעגט.

— נו יא, מיר וועלען דאס גלייך אבשיקען צו אונזער בעס־טען אבאנענט... דער קרעמער פון געגענאיבער קויפט דאס פונ־טענוויין...

— אה, איך פערשטעה, אלטע צייטונגען!

אמאטי האט זיך גענומען צו'ם שרייבען.

עס איז געקומען דאס יונגעל פון קרעמעל, האט ער זיך געקריעגט, געדונגען. צוליעב דעם געריוש, וואס ער האט אנ־געמאכט, איז דזשאאנא פון זיין קאבינעט ארויסגעקומען, און ערשט דאן האט אמאטי בעמערקט, אז טראץ דער היץ האט דער רע־דאקטאר געטראגען א ווינטערדיגען סורדוט און גאר נישט קיין ריינע וועסט. דזשאאנא איז צוריק אריין אין זיין קאבינעט, און אין א מינוט ארום האט אנטאניא דערהערט, אז ער בארשט אב זיין הוט. וואהרשיינליך געהט ער אין גאס ארוים... איצט איז ער אריינגע־קומען צו איהם, זיך איבער'ן טיש איבערגעבויגען.

— איהר האט געענדיגט דעם ארטיקעל?

— נאך נישט...— האט דער יונגער־מאן געענטפערט שע־מעוודיג. — פערשטעהט איהר, דאס ערשטע מאל...

— לא'מיר געהן פריהשטיק עסען.

— און וואס וועט זיין מיט'ן ארטיקעל?... אפשר זאל איך איהם פריהער ענדיגען?

— שטענדיג גלייבער פריהשטיק צו עסען, אייידער ארטיק־לען שרייבען. נעהמט זיך דאס אין זינען ווי א געזעץ.

אנטאניא אמאטי האט די ארבייט פערלאזט און איז געגאנ־גען מיט'ן רעדאקטאר ריקארדא דזשאאנא.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

זיי האבען געפריהשטיקט אין א בילינגען רעסטאראן, וואו מען האט געפיהלט געפרעגעלטע אייל, וואו עס האבען זיך ארומגע־דרעהט מחנות פליעגען, און דער פערשלאפענער, שמוציגער קעלנער האט קוים די פים געשלעפט.

— א מיאוסע שענק! — האט דזשאאנא געזאגט און דעם

טעלער אָבגערוקט.

— פּאַרוואָס שפּײַזט איהר נישט ערגעץ אַנדערש? — האָט אַמאַטי געפֿרעגט. — איך האָב אַמאָל געלייענט אַ בעשרײַבונג וועגען די פּראַכטפֿולע פֿריהשטיקען, וואָס איהר האָט מכבד געווען אין קאָווא...

— יאָ, יאָ... דאָס איז געוועזען אַמאָל! נאָר בכלל זענען אַלע שענקען אַלץ איינס! אַביסעל בעסער, אַביסעל ערגער!

— פּאַרוואָס זשע שפּײַזט איהר נישט בײַ זיך אין דער היים?

— אָ ניין, ליעבער הערר! מיטאָג וועט נאָך אַמאָל אַ זשור-נאַליסט עסען אין דער היים, נאָר פֿריהשטיק — קיינמאָל!

— און די פֿאַמיליע?

— איך בין אַליין, — האָט ריקאַרדאָ געענטפֿערט עפּעס מיט אַ בעזונדערען שטאָלץ.

— און אַנדערע זשורנאַליסטען?

— האָבען אויך נישט קיינעם, און אַפילו אַז זיי האָבען, ווייס דאָס אויך נישט קיינער. נאָר לאָ'מיר געהן קאַווע טרינקען.

אויפ'ן וועג האָבען זיי בעגעגענט פֿיעל פֿון דזשאָאַנאָ'ס בע-קאַנטע. אַמאַטי איז אין אַ זײַט אָבגעגאַנגען, נאָר פֿון זייער טאָן און זייערע הענד-בעוועגונגען האָט ער פֿערשטאַנען, אַז דאָס זענען קרעדיטאָרען.

אויפ'ן פּלאַץ פֿאַר דער קאַטעדרע האָט דזשאָאַנאָ זיך זעהר העפֿליך פֿערנייגט פֿאַר אַ פֿרוי, וואָס האָט זעהר פֿרײַנדליך איהם צוגעשמייכעלט.

— ווער איז די דאָזיגע שענע פֿרוי? — האָט אַמאַטי גע-פֿרעגט.

— די גרעפֿין קאָלעטאַ.

— אײַערע אַ גוטע בעקאַנטע?

— ניין... זי האָט אַ פּראָצעס און דערווײַל האָט זי מורא פֿאַר אונז, שפּעטער וועט זי מיך זיכער אַפילו נישט זעהן.

פֿערבײַגעהענדיג פֿאַר'ן פּאַסאַזש האָבען זיי בעגעגענט אַ צווייטע פֿרוי, וועלכע איז בעשיידען געוועזען געקליידט און זיי אונ-מוטיג בעגריסט.

— דאָס ווידער איז אַ אָרימע פֿרוי, וואָס דער „טעמפאָ" האָט פֿאַר איהר פֿיעל אויפגעטהון, — פֿון נדבות צונויפגעקליבען פֿאַר איהר טויזענד אַכט הונדערט ליר.

— דאָך, וואָס פֿאַר אַ מאַכט די צייטונגען האָבען!

— יאָ, די צייטונג מאַכט פֿיעל זאַט, נאָר זיך אַליין קאָן זי נישט אָנזעטיגען.

נאָכ'ן קאַווע טרינקען אין עלעגאַנטען קאַפֿע קאָוואַ זענען זיי צוריק אין די רעדאַקציע געגאַנגען. אַמאַטי האָט זיך געזעצט שרייבען, עס האָט איהם אָבער געשטערט דער געשריי, וואָס האָט זיך געלאָזט הערען פֿון קאַבינעט.

אין דעם דאָזיגען געשריי האָט מען געקאָנט אונטערשיידען די געהויבענע שטימע פֿון עפּעס אַ מאַנספּערזאָן און די בערוהי־גענדע שטילע שטימע פֿון רעדאַקטאָר. דערנאָך האָט זיך פּלוצ־לונג די טהיר געעפֿענט און ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ האָט זיך פֿאַר זיין טיש געשטעלט.

— איהר האָט טויזענד ליר?

— לײדער, ניין... מיר איז זעהר אונאַנגענעהם...— האָט דער יונגער־מאַן געמורמעלט שיער נישט מיט טרעהרען.

— האַ, מילא! איך האָב נאָר געפֿרעגט אויף יעדען פֿאַל... איך האָב געוואָלט דעם דרוקער געבען; ער זאָגט, אַז אויב איך וועל איהם נישט געבען וועניגסטענס טויזענד ליר, וועט ער היינט דעם „טעמפּאָ" נישט דרוקען.

— וואָס זשע וועט זיין?

— האָט קיין שמערצען נישט, ענדיגט דעם אַרטיקעל.

ער איז אַרויסגעגאַנגען און ווידער האָבען זיך פֿון קאַבינעט שטימען דערהערט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זיך אַ טהיר צוגעקלאַפּט און עס איז שטיל געוואָרען. דער אויפגערעגטער אַמאַטי, נישט קאָנענדיג אויף זיין אָרט איינזיצען, איז אַריינגע־גאַנגען צו זיין פֿערגעשטערטען רעדאַקטאָר זיך דערוויסען, וואָס איז געוואָרען.

דער גרויסער זשורנאַליסט איז געזעסען רוהיג, פֿערקוקט אין סופֿית.

— וואָס איז געוואָרען? — האָט זיך אַמאַטי געוואָגט צו פרעגען.

— ער האָט געזאָגט, אַז אויב איך וועל איהם נישט געבען פיער הונדערט ליר, וועט ער אויפהערען דרוקען.

— און איהר רעדט וועגען דעם אַזוי רוהיג?

— צו אַלץ קאָן מען זיך צוגעוואוינען! איהר האָט געענדיגט דעם אַרטיקעל? גיעט איהם אַהער!

— איך האָב מורא, אַז ס'איז נישט ווי עס דאַרף צו זיין.

— אַח, אַלץ איינס! — דזשאָאַנאַ האָט אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד, געוואָרפען אַ בליק אויפ'ן אַרטיקעל און געהייסען איהם אָבטראָגען אין דרוקערײַ, דאָך האָט ער קיין וואָרט נישט געזאָגט דעם געריהרטען, נאָך אונמוטיגען זשורנאַליסט, וועלכער האָט אומזיסט געוואַרט צו הערען די מיינונג פון גרויסען מבין.

עס איז געוואָרען אונאַנגענעהם שטיל. ענדליך האָט זיך ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ ווײַזט אוים בעשלאָסען אויף עפּעס, אַרויסגענומען אַ בויגעלע פּאַפּיער און אָנגעהויבען שרײַבען. אַמאַטי האָט דערווײַל די צייטונגען דורכגעקוקט. אָבער נישט אַנדערש, נאָר אַלע קרעדיטאָרען האָבען זיך יענעם טאָג געמוזט צונויפרעדען, איז צו'ם ערשטען געקומען דער פּאַפּיער־צושטעלער און פערלאַנגט האָטש טויזענד, האָטש פינף הונדערט ליר אויף דעם רעכענונג פון די דרײַסיג טויזענד, וואָס איהם קומט: איהם איז געלונגען צו בערוהיגען מיט אַ באַנקנאָט פון הונדערט ליר, נאָך וועלכען אַמאַטי איז צו זיך אַהיים געגאַנגען. באַלד דערנאָך איז געקומען דער אַדמיניסטראַטאָר פון הויז און געפאָדערט דירה־געלד, דערנאָך דער בעזיצער פון רעסטאָראַן, וואו דער גרויסער רעדאַקטאָר האָט זיך אויף קרעדיט געשפּייזט אין אַ משך פון צוויי מאָנאַטען און אין פלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען, און דאָס טאַקי האָט דעם רעסטאָראַטאָר אַם מעהרסטען אין כעס געבראַכט. דזשאָאַנאַ האָט איהם ווײַכער געמאַכט מיט'ן צוזאָג, אַז ער וועט קומען, גלייך אָנגעהויבען ריהמען זיין קיך, און דערהויפּט די אונגעוועהנליכע, וואונדערבאַרע ר י ס אָ ט אָ. דער ענטציקטער רעסטאָראַטאָר איז אַוועק און אין געלד גאָר אינגאַנצען פערגעסען. נאָך אַ רעכענונג

פֿון דער ליטאָגראַפֿיע, נאָך אַ סובּיעקט פֿון וועש-געוועלב, נאָך אַ מאָל דאָס זעלבּע: מ אָ ר ג ע ן  וועל איך בּעצאָהלען... און ענדליך איז אויף אַ ווײַלע רוהיג געוואָרען.

אַמאַטי האָט זיך בּעמיהט נישט צו הערען, נאָר די ציפֿער זענען איהם נישט ווילענדיג אין אויער געפֿאַלען, און ער האָט אַ טראַכט געטהון, אַז מען וואָלט געמוזט האָבּען אַ אונגעהויער גרויסע סומע, כּדי ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ זאָל זיך קאָנען פֿון די חובות בּעפֿרײַען.

פֿלוצלונג האָט זיך פֿון קאָרידאָר אַ געשרײַ דערהערט! עפּעס אַ פֿרוי האָט מיט עקשנות פֿערלאַנגט, מען זאָל זי אַרײַנלאָזען אין רעדאַקטאָרס קאַבּינעט. אומזיסט האָט איהר דער לאָקאַי געשטערט די טהיר איז מיט גערויש אויפֿגעפּראַהלט געוואָרען און אויפ'ן שוועל איז געשטאַנען אַ דיקע, אונגעהויערע פֿרויען-פֿיגור. צו'ם ערשטען האָט זי גאַנץ רוהיג אָנגעהויבּען בּעטען דעם הערן רעדאַקטאָר, ער זאָל בּעצאָהלען לויט רעכענונג אַכט און צוואַנציג לירע. ווען זי האָט אָבּער בּעמערקט, אַז דזשאָאַנאַ לעגט אויף איהר קיין אַכט נישט, האָט זי זיך צעבּײַזערט, צעשריען, אָנגעהויבּען העפֿטיג צו דראָהען דעם רעגענשירם. אומזיסט האָט זיך אַנאַפּיטאָ בּעמיהט צו בּערוהיגען די צעבּײַזערטע ווילדע פֿרוי. זי האָט גאָרנישט געוואָלט הערען און געדענקען, געוואַלדעוועט אויפ'ן גאַנצען קול, אַז זי וועט אין פּאָליציי געהן, דערנאָך אין אַלע רעדאַקציעס און וועט פֿאַר דער גאַנצער וועלט אויסזאָגען, אַז אַ אונגליקליכער וועשין וויל מען נישט בּעצאָהלען אַכט און צוואַנציג לירע.

— איהר האָט נישט קיין געלד, טאָ טראָגט בּרודיגע העמדער! — האָט זי ענדליך אַ געשרײַ געטהון.

דזשאָאַנאַ האָט אומזיסט וויעדערהאָלט זײַן אײַבּיגען „מאָרגען“. זי האָט שוין נישט געגלויבּט דעם דאָזיגען „מאָרגען“ און נישט געוואָלט וואַרטען. וויעדער האָט זי אַ שאָט געטהון מיט זידלערײַען און קללות. אַנטאָניאָ אַמאַטי האָט געציטערט פֿון קאָפּ בּיז די פֿיס און זיך בּעמיהט אין גאַנצען פֿערשווינדען צו ווערען הינטער דער צײַטונג, וואָס ער האָט אין האַנד געהאַלטען, כּדי ער

זאָל מיט זײַן געגענוואַרט נישט מאַכען נאָך שווערער די אונאַנ־געגעהמע לאַגע ענדליך, שוין רויט פאַר אויפרעגונג, האָט ער זיך בעשלאָסען צוצוגעהן צו׳ם רעדאַקטאָר און איהם עפעס אויפ׳ן אויער זאָגען. דער יונגער זשורנאַליסט איז אַלץ שטאַרקער רויט געוואָרען, דער אַלטער איז געוואָרען מוהא׳דיג בלאַס. עפעס איז פאָרגעקומען צווישען זיי. אַמאַטי איז צוריקגעגאַנגען אויף זײַן אָרט, און אין פינף מינוט אַרום האָט ריקאַרדאָ דזשאָאַנאַ מיט אַ פעראַכטונגספולער בעוועגונג דערלאַנגט דער וועשין די אונגליק־ליכע אַכט און צוואַנציג לירע.

און אין יענער מינוט האָט דעם יונגען בחור אָנגעחאַפּט אַ געפיהל פון טיעפער, שענער פרייד: אַט איז איהם ענדליך געלונ־גען צו בעפרייען דעם גרויסען זשורנאַליסט חאָטש פון איין חוב.

איצט האָט זיי שוין קיינער נישט געשטערט אין דער אַרבייט. דער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער האָט פערראויכערט אַ ציגאַר און דורכ־געקוקט די פראַנצויזישע צייטונגען. אַביסעל האָט ער געשריבען, מעהר אַרויסגעשניטען. אַנטאָניאָ אַמאַטי האָט מיט ענטציקונג געקוקט, ווי שנעל, ווי קונציג דער גרויסער זשורנאַליסט מאַכט די דאָזיגע אַרבייט. אין אַ האַלבע שטונדע איז דער גאַנצער מאַ־טעריאַל גרייט געווען!

עס איז פינסטער געוואָרען. אַ שליח איז אַרייַנגעקומען און אויפ׳ן טיש עפעס אַ קאַרטע אַרויפגעלעגט. אַ ווײַלע האָט ער גע־וואַרט, דאַן האָט ער שטיל געזאָגט:

— פינף און צוואַנציג זעכציג.

דזשאָאַנאַ האָט זיך ווי אויפגעחאַפּט.

— גוט, באַלד וועל איך געבען פינף און צוואַנציג לירע, זעכציג סאַנטים.

— אָבער באַלד, העדר רעדאַקטאָר, ווײַל איך וועל פער־שפּעטיגען.

— איהר וועט באַלד בעקומען.

אַנטאָניאָ אַמאַטי איז אונרוהיג און בלאַס געוואָרען.

— וואָס איז דאָס ווידער? — האָט ער געפרעגט מיט שרעק.

— די עקספעדיציע...

— וואס פאר עקספעדיציע?

— אח, ווי נאאיוו איהר זענט, ליעבער הערר! מען מוז ראך דעם „ט ע מ פ א" אין פראווינץ שיקען, און די פאסט טהוט דאס נישט אומזוסט. איהר האט פינף און צוואנציג לירע?

— איך? לײדער נײן.

— און איך אויך נישט. נו, וועט דער „ט ע מ פ א" הײנט בלײבען אין מאילאנד.

— גרויסער גאט! — א מאטי איז פון שטיהל אויגעשפרונ-גען. — ציי איז קײן מיטעל נישטא?

— קײנס. — דושאאנא האט מיט דער האנד א מאך געטהון.

— ווײסט איהר וואס... איך האב א פלאן... — האט זיך אמאטי פלוצלונג אבגערופען. — קײן געלד האב איך נישט, נאר איך קאן פערזעצען מײן זײגערל און קײטעל... איך ווײס נאר נישט, ציי די לאמבארדען זענען נאך אפען, ס'איז שוין נאכט...

— אפען, אפען, — האט דושאאנא האסטיג געזאגט, צו-גערופען דעם שליח און איהם דאס זײגערל געגעבען.

— די קוויטאנציע ברענגט מיר אין דרוקערײ, — האט ער אנגעזאגט און צוזאמען מיט אמאטי'ן ארויסגעגאנגען.

אין דער דרוקערײ האט געזירט די ארבײט. די זעצער האבען האסטיג פערענדיגט די ארבײט. דער מעטראנפאזש האט דורכגעקוקט די נאך פײכטע אבזאצען. די מאשינען האט מען געשמירט מיט אײל און צוגערײט צו'ם דרוקען. די בעווע-גונג, דאס רעש'ען און דרעהען זיך האבען דעם יונגען זשורנאליסט צעמישט.

— איך בין נאך קײנמאל אין א דרוקערײ נישט געווען, ווי שען דא איז! — האט ער אויסגעשריען ענטציקט. -- ציי מײן ארטיקעל איז שוין געדרוקט?

— געזעצט, אבער נאך נישט געדרוקט... פון זעצען ביז'ן דרוקען איז נאך ווײט! אונטער דער צײט קאן מען נאך אפילו שטארבען...

אין דער זעלבער מינוט איז ארײנגעקומען דער פערוואלטער

פון דרוקערײַ. געלד דאָ? נײן? נישט דרוקען דעם „טעמפּאָ"! אמאַטי האָט מיט אַ פערצווייפעלט הארץ געהערט, ווי דושאָאַנאַ האָט זיך געבעטען, געגעבען גוטע צוזאָגען אויף דער צוקונפט, געסטראשעט, אַז ער וועט זיך דאָס לעבען נעהמען, אויב מען וועט איהם נאָך אויף הײַנט קרעדיט ענטזאָגען.

דער יונגער מאַן האָט איננאַנצען געציטערט פאַר אויפ־רעגונג און זיך שיער נישט צעוויינט אויפ'ן קול. הייסט עס, דער „טעמפּאָ" וועט נישט ערשײַנען? און זײַן אַרטיקעל וועט נישט געדרוקט ווערען, קיינער וועט איהם נישט איבערלייענען? — נײן, דאָס קאָן דאָך נישט זײַן!

— איך גיב אײַך מײַן וואָרט, אַז איך וועל אײַך מאָרגען בעצאָהלען, — האָט ער געזאָגט מיט אַ ענטשלאָסענעם טאָן, צו־גענעהענדיג צו'ם דרוקער.

— בעצאָהלט באַלד ...

— באַלד קאָן איך נישט... מאָרגען וועל איך טעלעגראַ־פירען צו דער מוטער, צו'ם פעטער, וועלען זיי מיר צושיקען הונ־דערט ... צוויי הונדערט ... יאָ, צוויי הונדערט לירע. אַבי נאָר פער־האַלט נישט הײַנט דעם נומער.

— טאָ גיעט מיר אַ שריפטליכע פערפפליכטונג... איך וואָג זיך אפילו נישט צו צווייפלען, נאָר איך קען אײַך נישט...

און אַנטאָניאָ אמאַטי האָט מיט ציטערנדע הענד אונטערגע־שריבען אַ וועקסעל אויף צוויי הונדערט לירע...

דזשאָאַנאַ האָט די דאָזיגע סצענע שווײַגענדיג בעטראַכט. אַ נעהמעניספולער שמייכעל איז איהם אויף די ליפען געבליבען הענגען, נאָר קיין איין וואָרט פון דאַנקבאַרקייט איז נישט אַרויס פון זײַנע צוזאַמענגעפרעסטע ליפען.

דער שליח איז צוריק געקומען פון לאָמבאַרד. ער האָט געבראַכט אַ קוויטאַנציע און רעשט: אַכט לירע און פופציג סאַנ־טים. דזשאָאַנאַ האָט די קוויטאַנציע מיט'ן געלד אָבגעגעבען אַמאַ־טי'ן; דער לעצטער האָט די קוויטאַנציע בעהאַלטען, נאָר דאָס געלד האָט ער נישט געוואָלט צונעהמען.

— איך וועל מיך בעגעהן אָהן דעם, — האָט ער הערליך

און שטיל געזאָגט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

בײַ מיטאָג האָבען זײַ שווײַגענדיג געטרונקען ווײַן מיט סאָדע־וואסער, און מיט קײַן אײן וואָרט שוין דעם „טעמפאָ" נישט דערמאָהנט. ווען זײַ זענען שוין זאט געוועזען האָבען זײַ געשפּאסט און געלאַכט, אַרומרעדענדיג די פערשידענע שפּײַזען און צוביַין סעכצען. בעצאָהלט האָט מען לויט רעכנונג מיט אַמאַטיס געלד, און דאַן האָט דזשאָאַנאַ בעשלאָסען צו פערברענגען דעם איבּריגען אָווענד אין פּאַסאַזש. אויפ'ן וועג האָבען זײַ אָבער געטראָפען דאָס יונגעל פון דרוקערײַ.

— דער „טעמפּאָ" וועט נישט ערשײַנען! — האָט ער מיטגעטײַלט. — אונמעגליך צו דרוקען... נישטאָ קײַן קעפּעל... דער הערר רעדאַקטאָר האָט בעשטעלט אַ נײַע קלישע, אָבער אָהן געלד האָט מען עס נישט געוואָלט אַרויסגעבען...

— מען האָט מיר קײַן רעכנונג נישט געבראַכט... וויפיעל קומט דאָרט?

— אַכצעהן ליירע.

— האָט איהר נישט געקאָנט שיקען פון דער דרוקערײַ, נעהמען די קלישע און בעצאָהלען?

— דער מאַטראַנפּאַזש האָט נאָר וואָס געשיקט... אײַנגעגעבען... נאָר ס'איז שוין געוועזען צו שפּעט... דאָס געוועלב איז פערמאַכט... פערפאַלען! וואָס זאָל מען איצט טהון?

— גאָרנישט! געה צוריק אין דרוקערײַ.

בײדע זשורנאַליסטען זענען שווײַגענדיג געשטאַנען אויף דער פּיערער ואַס.

— שוין ווײַזט אויס אַזוי בעשערט, — האָט ריקאַרדאָ דזשאָ־אַנאַ שטיל געזאָגט.

געהן אין פּאַסאַזש האָט זײַ זיך שוין איצט נישט געוואָלט. אַ געוויסע צײַט זענען זײַ אָהן אַ שום ציעל איבער'ן שטאָדט אַרומגעגאַנגען, ענדליך זענען זײַ געשטאַנען פאַר'ן הויז, וואו דזשאָאַנאַ האָט געוואָהנט.

— קומט אַרײַן צו מיר! — האָט דער אַלטער זשורנאַליסט פֿערבעטען דעם יונגען און אָנגעריבען אַ צינדהעלצעל, כּדי צו בעלײַכטען דעם אַרײַנגאַנג אויף די טרעפּ.

אויפ'ן דריטען עטאַזש זענען זיי אַרײַן אין אַ שמוציגע, נישט אויפגערוימטע וואָהנונג, און פֿון דאָרט דורכ'ן קאָרידאָר אין צימער, וואו דזשאָאַנאַ האָט געוואָהנט. ריקאַרדאָ האָט אָנגעצונדען אַ אונטערגעבּראָכענע ליכט, און בּיידע האָבען זיך געזעצט צו'ם טיש, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען אַ לעדיגער, אויסגעטרינקענטער טינטער און עס איז געלעגען אַ שמוציגע, אַלטע פֿעדער. עס איז געוועזען צו דערקענען, אַז דאָ האָט קיינער קיינמאָל גאָרנישט געשריבען. אַ געלער שפּרינגענדער פֿלאָם האָט בּעלויכטען ווייערע אומעטיגע געזיכטער.

— אייך איז אומעטיג, איהר לײַדט? — האָט דער יונגער טאַן אַ מורמעל געטהון.

— ניין, איך לײַד שוין נישט.

— איהר ווילט זיך נישט מודה זיין, איהר האַלט מיך נישט פֿאַר אייער פֿרײַנד!

— איהר האָט אַ טעות. איך פֿערזיכער אייך, אַז איצט לײַד איך שוין נישט. די נשמה, אויך אַזוי ווי דער קערפּער, ווערט צוגעוואוינט צו'ם וועהטאָג. און ס'איז דאָך שוין אַזוי פֿיעל יאָהר, ווי איך פֿיהר דאָס דאָזיגע לעבען! דער זשורנאַליזם איז אַ אינסטרומענט מיט פֿערשידענאַרטיגע סטרונעס, אייניגע זענען דינערע, אַנדערע גרעבערע, נאָר בּכלל זענען אַלע טענער אַלץ איינס און פֿערשאַפֿען שטענדיג די זעלבּע לײַדען. עס בּײַטען זיך די פֿאָרמען פֿון לײַדען, נאָר דאָס לײַדען אַליין בּײַט זיך נישט. דערמאָהנט זיך, וואָס איהר האָט הײַנט געזעהן און געהערט. און דאָס איז דאָך נאָר איין טאָג. רעכענט אוים, וויפֿיעל אַזעלכע טעג איז אין יאָהר, וויפֿיעל אין פֿינף און דרײַסיג יאָהר!... און יעדער פֿון די דאָזיגע טעג האָט מיך שמערצליך פֿערוואונדעט, מיר אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ געגעבען.

— מיר דוכט, אַז איהר טרייבּט איבּער, — האָט אַמאַטי אומבּוטיג געזאָגט.

— קיין האָר נישט, איך רעד גאַנץ אָפֿען. איך בעקלאָג מיך נישט, איך רעד דאָס נאָר פֿאַר אייך.

— אָבער טראָץ דעם איז אין לעבען פֿון זשורנאַליסט פֿער־האַן אַזוי פֿיעל פֿרייד, אַזוי פֿיעל ליכטיגע מינוטען...

— יאָ, צו׳ם בײַשפּיעל ליעבע... די אַקטריסען, זינגערינס, באַלעט־טענצערינס, אַלע ליעבען אונז... כדי צו האָבען גוטע רעצענזיעס. איבריגענס, אַמאָל טרעפֿט, אַז זיי ליעבען אויף אַן׳אמת, ווילען האָבען אַ שטיצע, הילף, און מיר ליעבען זיי אויך; נאָר דאָס לעבען צעטיילט אונז; זיי פֿאָהרען אַוועק, יאָגען זיך נאָך רייכ־קייט און רוהם; מיר בלייבען דאָ צוגעבונדען צו אונזער ווערק־שטעל, צוליעב דעם אייביגען געלד־מאַנגעל. און דאַן ווערט דאָס וואונדערבאַרע גליקס־געבייַדע צעשטערט, אַ חורבה ווערט דערפֿון, בײַ׳ם שיידען זיך ווערען פֿיעל טרעהרען פֿערגאָסען פֿון ביידע זייטען, בעזונדערס אויב ס׳איז דאָ קינדער.

— איהר האָט געהאַט קינדער?

— יאָ, ביי דער אַם געשטאָרבען. די מוטער האָט זיי גע־מוזט אָבגעבען צו זויגען, און אַליין איז זי אַרויסגעפֿאָהרען אין דיאָ דע זשאַנייראָ און איז דאָרט אויף פֿיעבער געשטאָרבען.

דער פֿלאַם פֿון ליכט האָט אַ ציטער געטהון און זיך אויף אַ זייט אויסגעבויגען, אַזוי ווי די נשמה פֿון דער געשטאָרבענער וואָלט דאדורך איהר אַנוועזענהייט געוואָלט קינדען.

— די זשורנאַליסטען האָבען בכלל נישט קיין פֿאַמיליע?— האָט אַמאַטי שטיל געפֿרעגט.

— אַמאָל האָבען זיי יאָ. נאָר צי איז דען מעגליך זיך פֿאָר־צושטעלען עפּעס שרעקליכערעס ווי אַזאַ פֿאַמיליע! קיין דירה־געלד צאָהלט מען נישט צו דער צייט, קומט דער בעל־הבית און הייסט אָבשרייבען און ליציטירען די זאַכען. ציהט מען זיך איבער אין מעבלירטע צימערען. אָט אַזאַ מין פֿאַמיליען־לעבען איז דאָס! דער דיענסט צאָהלט מען נישט — געהט זי אַוועק, נישט אָבזאָ־גענדיג די שטעלע; נישטאָ וואָס צו עסען, מוז מען זיך שפּייזען אין עלענדע רעסטאָראַנען... די אונגליקליכע פֿרוי אָט האָט זי קיין שיך נישט, אָט פֿעהלט איהר אַ הוט; אַז זי בעקומט שוין

ענדליך אי דאס אי יענץ, איז שוין די קלייד צופיעל אבגעטראָ־ גען. דעם מאן וועהט זי איין מאל אין טאָג, נישט עפטער, און שטענדיג איז ער מיעד, בלאס, פערטהון. זי וואגט זיך נישט מיט איהם וועגען די געשעפטען רעדען, ליידט זי אליין און שוויינט. אט אין אזעלכע טרויעריגע בעדינגונגען ווערען געבוירען און ער־ ציהען זיך קינדער, וועלכע זענען שוין פאראוים פערורטהיילט צו אייביגער מעלאנכאָליע און מוטלאָזיגקייט...

— אייער מוטער האט געמוזט זיין זעהר א גוטע?

— געוויס. איך האב זי נישט געקענט. זי איז יונג גע־ שטאָרבען. אח, מיין פריינד, ליעבט אייער מוטער מיט'ן גאנצען הארצען!...

זיי האבען הערצליך א קוק געטהון איינער אויפ'ן צווייטען און א לאנגע וויילע האבען זיי ביידע געשוויגען. דזשאָאנא'ס ציגאר איז אויסגעלאָשען געוואָרען, ער האט דאס נישט בעמערקט.

— געוויס, אין לעבען פון זשורנאליסט זענען פארהאן פריידיגע מינוטען. ער קאן מיט זיין פעדער דעם שונא פער־ וואונדען און כמעט יעדען טאָג די דאָזיגע וואונד אָבפרישען. היינט רערלאנגט ער א קלאפ איינעם פון זיינע פיינד, מאָרגען א צוויי־ טען, און אזוי ארום בעקומט ער גאנצע מחנות געגנער. צו'ם ערשטען פרעהט ער זיך מיט זיין קראפט, נאר דערנאך... הויבט ער אָן צו פיהלען די איינזאמקייט! אזוי פיעל זענען געגען איהם! און אט קומט אָן דער טאָג, ווען ער האט שוין מעהר קיין קרעפטען נישט צו קעמפפען, ער בויגט דעם קאפ איין אונטער די קלעפ, וואס פאלען אויף איהם, און וואָלט נאר געוואָלט רוהיגקייט. דאן בעצאָהלט ער שוין פאר אלע ליידען, וועלכע ער האט אמאל אנדערע פערשאפט. איך לעב דאס איצט איבער. יא, איצט פיהל איך, ווי אלט איך בין, ווי איינזאם, אונגליקליך, פון לעבען בעזיעגט. די גערעכטיגקייט בעשטראפט מיך פאר מיינע זינד, מיינע שונאים וועלען מיר קיינמאל נישט מוחל זיין... און די גוטע פריינד? קיין אמת'ע גוטע פריינד האבען מיר נישט... מען בעפריינדעט זיך מיט אונז, כל זמן מען דארף אונז האבען, כל זמן מיר קאָנען לויבען און חנפה'נען. נאר מיר זענען אליין

שוּלדיִג אין דעם אַלעם: צוּ אָפּט בעטען מיר — אַמאָל נעלך, אַמאָל פּראָטעקציע. איצט בין איך שוין אַלט געוואָרען, מיין מיינונג האָט די בעדייטונג פערלאָרען. אַח, ווי איך וואָלט געוואָלט זיין אָרים אַזוי ווי איך בין, אָבער קיינעם נישט בעוואוסט!... ווי איך וואָלט געוואָלט מיין לעבען פערענדיגען רוהיג, פּשוט, אָהן שׂונאים און אָהן יענע נאַרישע געוואָהנהייטען צו׳ם אויסער־ליכען לוקסוס, צוּ פערגאָלדונג, ווי עס פערענדיגען זייער לעבען קליינע בעאַמטע אָדער דימיסיאָנירטע אָפיציערען.

— פאַרוואָס זשע וואָלט איהר דעם „ט ע מ פּ אָ" נישט צו־מאַכען?

— איך קאָן נישט. דאָס איז איבער מיין קראַפט, איהר ווייסט, איך האָב עטליכע מאָל אין לעבען אויף דועלען געקעמפט; איך בין אין דער מלחמה געוועזען, דעם טוידט געזעהן, אָבער עס פעהלט מיר מוט צוּ פערמאַכען, צוּ טוידטען מיין „טעמפאָ". איך בין אַ פּחדן.

ער האָט זיך נערוועז אַ טרייסעל געטהון, און כּמעט נישט זעהענדיג זיין יונגען קאָלעגע, האָט ער געשמועסט מיט זיך אַליין, פאַר זיך אַליין די אַלטע, אונפערהיילטע וואונדען געעפענט.

— אונזער דעווין?... דאָס וואָרט מ אָ ר ג ע ן. אַלץ שטיצט זיך אויף דעם דאָזיגען וואָרט. מיר זאָגען מ אָ ר ג ע ן, כּדי צוּ טרייסטען די אָרימע, קראַנקע פרוי, וועלכע קומט צוּ אונז הילף בעטען, און מ אָ ר ג ע ן שטאַרבט זי, נישט דערוואַרטענדיג זיך אונזער הילף. מ אָ ר ג ע ן וועלען מיר פאַר׳ן קינד אַ אַנצוג׳ל קויפען, און דאָס קינד בלייבט נישט בעקליידעט. מ אָ ר ג ע ן האָבען מיר בעשלאָסען צוּ שרייבען צוּ אַנ׳אַלטען קרוב, וועלכען מיר ריכטען זיך אָב צוּ ירשה׳נען, נאָר מיר שרייבען נישט און ער נעהמט פון אונז אָב דאָס ירושה־רעכט. אַלץ מ אָ ר ג ע ן, שטענ־דיג מ אָ ר ג ע ן... איהר האָט דאָך געהערט, ווי איך האָב דעם זעלבען מ אָ ר ג ע ן וויעדערהאָלט מיינע אַלע קרעדיטאָרען? און וואָס וועל איך מ אָ ר ג ע ן קאָנען אויפטהון? גאַנץ זיכער — גאָר־נישט. זיי וועלען פּינקטליך קומען צוּ דער שטונדע, וואָס איך האָב זיי בעשטימט, און נאָך אַנדערע וועלען קומען. און וויערער

וועל איך זיי בעשטימען מארגען ... יא, דאס דאזיגע ווארט מארגען ברענגט אונז אלעמען אום.

ער איז פערשוויגען געווארען, טראכטענדיג וועגען דער פערגאנגענהייט, דאן האט ער ווייטער גערעדט:

— דער „טעמפא" איז געוועזען א רייכע, אונגעוועהנליך גליקליכע ציימונג. די צאהל פון די אבאנענטען איז געוואקסען, כסדר געוואקסען, און פארוואס, ווייס איך אליין נישט ... אין אמת'ען איז ער נישט געוועזען בעסער ווי אנדערע צייטונגען! און איך האב זיך געפרעהט מיט מיין רוהם, מיט מיין ווילדען ערפאלג, געלעבט ווי א עגאאיסט און נאר געזארגט, ווי צו פערגרעסערן די צאהל פון די אבאנענטען. גאנצע דריי יאהר נאכאנאנד בין איך שטאלץ געשטאנען אין דער שפיץ פון דער אפאזיציאנס-פארטיי, נאר ווען די דאזיגע פארטיי האט געזיעגט, האב איך זיך בעזייטיגט פון איהר, געוואלט זיין אונאבהענגיג. צי פערשטעהט איהר, וואס הייסט דאס דאזיגע ווארט „אונאבהענגיג"? דאס הייסט, אז איך האב געהאלטען פאר נוצליכער פאר זיך צו דיענען א פארטיי, וועלכע האט אין דער מינוט מיר געקאנט מעהר נוצען ברענגען, און דאן האט דער „טעמפא" דערגרייכט ביז הונדערט טויזענד אבאנענטען. יענעם טאג האט מען מיר פארגעלעגט, איך זאל איהם פערקויפען פאר אנדערהאלבען מיליאן ... איך האב ענטזאגט, געזאגט „מארגען". און מארגען איז די צאהל אבאנענטען פלוצלונג קלענער געווארען, און פון דעמאלט אן ווערט זי קלענער און קלענער, אהן א שום מאטעריעלער סיבה, נאר דערפאר, ווייל איך האב שוין איבערגעלעבט מיין גליקליכע מינוט. און אט ביז וואס איך בין דערגאנגען!

— גלייכער צו פערמאכען די צייטונג! — האט אמאטי געזאגט.

— און ווי וועל איך דערנאך לעבען? נאך אזא לעבען אין א משך פון פינף און דרייסיג יאהר געוואוינט זיך דער מענש אפ פון יעדער ארבייט, און קיין אנדער צייטונג וועט מיך נאך אזא קאטאסטראפע נישט צונעהמען. גיעב איך דעריבער ווייטער ארויס דעם „טעמפא", כדי נישט צו בעטלען ... און אין אמת'ען

איז דאָס דער בעסטער מיטעל, ווי צו האָבען דאָס רעכט נדבות צו בעטען און די פּאָליציי זאָל זיך נישט קאָנען צוטשעפּען פאַר מאַכען נישט גאַנץ ריינע קאָמבּינאַציעס.

— וואָס רעדט איהר? — איז אַמאַטי אויפגערעגט געוואָרען.

— דעם ריינעם אמת. דען ווען איהר וואָלט היינט נישט געקומען, וואָלט איך דאָך נישט געקאָנט בעצאָהלען הונדערט ליר'ע דעם פּאַפּיער-צושטעלער און אַכט און צוואַנציג ליר'ע דער וועשע-רין. נאָך היינט אין דער פריה האָב איך איין נישט געקענט, און ש'ין האָב איך איין געצוואונגען צו פערזעצען דאָס זייגערל און אויף מאָרגען אַ וועקסעל אוּנטערשרייבען. און אויב איהר וועט מאָרגען נישט בעצאָהלען, וועט איהר האָבען אַ פּראָצעס... און מאָרגען, ווען איהר וועט שוין קיין גראָשען נישט האָבען, וועל איך איין אויסווייכען, אפילו זיך נישט אומקוקען אויף איין. און וועל מיר געהן זוכען עמיצען אנדערש, אויך אַזאַ פריי'ער ווי איהר. און אַזוי וועט עס זיין אַלע טאָג, ביז מיין סאַמע טויט... און שטאַרבען וועל איך וואַהרשיינליך אויף דער גאַס, אָדער אין אַ רעסטאָראַן, אָדער ביי'ם שרייבטיש, מיט דער פּעדער אין האַנד...

דאָס ליכט האָט אָנגעהויבען אויסגעהן. איידער עס איז אויסגעלאָשען געוואָרען, האָט זיך דער פּאַפּיער ארום אָנגעצונדען מיט אַ העלען שיין, דאַן האָט דער פלאַם אַלץ שוואַכער געלויכ-טען, ביז ער האָט ענדליך אַ ציטער געטהון און פערלאָשען גע-וואָרען. איצט זענען זיי געזעסען אין דער פינסטערניש.

— קיין אַנדער ליכט האָב איך נישט, — האָט דזשאָאַנאַ ביטער געזאָגט.

— אַלץ איינס, — האָט זיך אַנטאָניאָ אָבגערופען מיט אַ שלאָכצענ-פולע שטימע.

דזשאָאַנאַ איז אויפגעשטאַנען און דעם פענסטער געעפענט. אין צימער האָט אַריינגעדרונגען אַ שוואַכער אָבגלאַנץ פון די נאַ-פען-לאַמטערנעס. מען האָט געקאָנט זעהן די פיגור פון אַלטען זשורנאַליסט, ווי ער זיצט איינגעבויגען אונטער דער לאַסט פון זאָרג.

— אָט דאָס איז די געשיכטע פון מיין אונטערגאַנג, — האָט

ער שטיל א זאָג געטהון, ווי ער וואָלט זיך פון שלאָף אויפגע־חאפּט. — אין מיין טראגעדיע איז גאר קיין שענעס נישטאָ, קיין ערהאבענעס, דאָס איז נישט קיין שווערד־קלאפ אין סאמע האַרץ און נישט קיין רעוואָלווער־שאָס גלייך אין שלייף אריין. דאָס אַלץ איז אַ טויט פון שטאַרקע, אַ טויט אַרומגערינגעלט מיט דעם שיין פון העלדענמוט... מיין טראגעדיע איז אַ געמיינע. עס שלעפּט זיך אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ שעה נאָך אַ שעה. פּאמעליך, ביסלעכווייז ווערען געאָפּפערט דער שטאָלץ, די טייערסטע געפיהלען, דער גלויבען און די שאנדע.

צו׳ם ערשטען ליידט מען אונגעהויער. דערנאָך קומט די געוויסענס־אַנטאָניע (קראַפּט לאָזינקייט) און מען הערט אויף אונטער־צו שיידען עהרליכקייט פון אונעהרליכקייט. מען דערגעהט אַזוי ווייט, אַז אַלץ קאָן מען פערשטעהן און צו אַלץ איז מען אַליין פעהיג. שענדליך איז דער דאָזיגער קאָמפּראָמיס מיט׳ן לעבען, אונווירדיג פאר אַ עהרליכען מענשען. מיר ווערען נידערטרעכ־טיג, און די אַגאָניע ציהט זיך, ציהט זיך אַזוי לאַנג, און אויף צו נעהמען זיך דאָס לעבען איז קיין כחות נישטאָ.

— בערוהיגט זיך, אום גאָטעס ווילען, בערוהיגט זיך! — האָט אַמאַטי געדערט או נבעוואוסטזיניג.

— זאָגט מיר צו, אַז איהר וועט קיין זשורנאַליסט נישט ווערען.

דער יונגערמאַן האָט געשוויגען.

— זאָגט מיר צו. כדי אייך צו צווינגען, מיר דאָס צו צו־זאָגען, האָב איך אייך היינט דעם גאַנצען טאָג מיטגעשלעפּט מיט זיך. איך האָב אייך ערלויבט צו פערזוכען דעם גאַנצען טרויער פון אונזער לעבען. זאָגט מיר צו...

אַנטאָניאָ אַמאַטי האָט געשוויגען.

— איך בעט אייך, מיין קינד, ברענגט זיך נישט אום אָהן אַ ציעל. איך בעט אייך אין נאָמען פון אייער טאַלענט, פון אייער נאַגצער צוקונפט, אין נאָמען פון יענעס שמערצליכען ודוי, וואָס איך האָב מיט אַ ווײַלע צוריק פאר אייך געזאָגט און וואָס איך וועל שוין קיינמאָל אין לעבען נישט זאָגען. ראַטעוועט זיך, כל זמן

עס איז נאָך ניִשט שפּעט.

אנטאָניאָ אַמאַטי האָט געשוויגען.

— דערמאָהנט זיך אָן אייַער מוטער, טהוט איהר ניִשט דערוויִדער איהר ווילען. אָט בין איך אומגעקומען. ווייַל איך האָב ניִשט געהאַלטען דעם צוזאָג, וואָס איך האָב מייַן שטאַרבענדען פאָטער געגעבען.

— איך קאָן ניִשט, טראָץ אַלעם וועל איך דאָך ווערען א זשורנאַליסט! — האָט אַמאַטי פייַערליך געזאָגט.

אַ טיעפע שטילקייַט איז געוואָרען נאָך די דאָזיגע טראַגישע ווערטער.

— איהר זענט אַ גלויבענדער? — האָט דושאָפאַנאַ ווייך געפרעגט.

— ניין...

— און איך גלויב יאָ און דעריבער זאָג איך: זאָל אייַך גאָט העלפען.

איבערזעצט לעאָן.

(ענדע).





# נאָרדוי'ס מַעֲשֶׂה'ליך:

די דאָזיגע מעשה'ליך זענען פאַר קינדער און פאַר גרויסע. דאָס קינד וועלען פעראינטערעסירען די קאָמישע האַנדלונגען, די ריהרענדיגע סצענעס, וואָס ברענגען אַזוי צום לאַכען. שוין באַלד אין אָנהויב פון דער „מעשה מיט קעץ, וואָס האָבען קיין מייז נישט געוואָלט חאַפּען", ווילט זיך לאַכען. אָט ווי עס ווערט געשילדערט: „זי (די גרויסע קאַץ) איז געווען די מאַמע פון פינף רייצענדע קעצליך, אַ שוואַרצע, וואָס האָט געהייסען מיזע, אַ ווייסע, וואָס האָט געהייסען ליזע, איינע האַלב שוואַרץ, האַלב ווייס, וואָס האָט געהייסען פור, איינע מיט ברוינע און גרויע פלעקען, וואָס האָט געהייסען מור, און איינע מיט שוואַרצע און גרויע פּאַסען, וואָס האָט געהייסען הינץ. פור און מור און הינץ זענען געווען קאָטערס, ליזע און מיזע — קעצליך. אַלע צוזאַמען, ברידער און שוועסטער, זענען נאָך געווען חדר-קינדער. זיי האָבען שוין געקענט ברומען און בורטשען, יאָמערן און מיאַוקען, קלעטערן און מיט די נעגעל קראַצען, זיך דאָס פעל רייניגען און מיט אַ בענעצטער לאַפּע דאָס געזיכט וואַשען. איצט האָט זייער מוטער אָנגעהויבען זיי מיט דער העכערער וויסענשאַפט בעקאַנט צו מאַכען. דאָס הייסט, זי האָט זיי געלערנט חאַפּען מייז. דאָס איז גאָר נישט לייכט געווען"... א. א. וו.

פאַר דעם דערוואַקסענעם מענשען ווידער ליעגט אין די דאָזיגע מעשה'ליך בעהאַלטען אַ טיעפער געדאַנק, אַ שאַרפזיניגע שטעל, אַנ'אַלעגאָרישע כונה, און נישט-ווילענדיג ווערט ער נאָכדעם זיך פערטראַכטען וועגען וועלט און לעבען, וועגען מענש און דעם ארומיגען. און פאַר אונז יודען האָבען אָט די מעשה'ליך גאָר אַ בעזונדער חן: זיי האָט געשריבען דער ליעבער ווייסער נאָרדוי, יענער שענער מעכטיגער אייראָפּעאישער יוד, וועלכער איז אונז אַזוי טייער און נאָהענט...

פרייז 50 קאָפּ.



מײַער־פּירשטער.

# דער קראָנפּרינץ.

ראָמאַן.

דער דאָזיגער ראָמאַן איז אַ צאַרט, מילד ווערק, וואָס איז נישט אויסגערעכענט אויף גראָבע עפֿעקטען. דאָס איז אַ קונסט־ווערק, און דערמיט איז שוין אַלץ געזאָגט.

דער קייזערליכער הויף, וואו דער קראָנפּרינץ האָט זיך ער־צויגען, די רײַזעס פֿונ'ם פּרינץ, דאָס געפֿינען זיך צווישען די הײַדעלבערגער סטודענטען, זײַן פֿרײַ לעבען, וואָס האָט זיך בשום אופֿן נישט געפּאַסט צום עטיקעט פֿון אַ פּרינץ — דאָס אַלץ איז וואונדערליך שען און פֿריש איבערגעגעבען און לאָזט איבער נאָך זיך אַ טיעפֿען רושם.

עס איז זיכער צו האָפֿען, אַז אַזאַ צאַרטער, חנ'עוודיגער און העכסט־קינסטלערישער ראָמאַן וועט אַוועקשטויסען די אַלע יענע שונד־ראָמאַנען, די אַלע יענע איבעלדיגע פֿערפֿאַסערײַען, וועלכע ווערען, לײַדער, נאָך אַלץ געלעזען אין דער יודישער גאַס.

מײַער־פֿירשטער'ס ראָמאַן איז איבערזעצט אין אַלע שפּראַכען, פֿון איהם איז געווען ענטציקט די קריטיק און דאָס פּובליקום. זײַן ערשײַנען אין יודיש, אין אַ גלענצענדער איבערזעצונג, דאַרף פֿרע־הען יעדען אמת'ען פֿרײַנד פֿון אונזער אָרימער איבערזעצונגס־ליטעראַטור.

פּרײַז 40 קאָפּ'.

